הינדע זאַרעצקי

# און ער האָט געזונגען

לידער



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון פריינטלעכע אָרגאַניזאַציעס

ניו־יאָרק 1968

# אינהאַלט

## I



## II

## III

# אַ מתנה

גאָט,
שענק מיר אַ ליד,
אין איינפאַך פּראָסטן פערז ;
כ'וויל מאָלן
אַ פאַרנאַכטיקן געמיט, —
דאָס אויסגיין פון אַ טאָג אין פעלד ;
דאָס חלומען פון בלומען
אין שעה פון שקיעה ;
דעם אומעט אין די אויגן
ביים הירש אויפן באַרג ;
דאָס געוויין
פון הונגעריקן וואָלף אין וואַלד,
און די תפילה פון וואָגלער
אויף די וועגן פון דער וועלט — — — —

# די גאָלדענע קאַרעטע

לכבוד מענדעלע מוכר־ספרים

אין אַ גאָלדענער קאַרעטע
דער זיידע איז געפאָרן,
אַנטקעגן זיין נעכטן געפאָרן.
קיין גלופסק
געפירט האָט דאָס פערדל;
דורך וואַלד,
דורך פעלד,
מיטן מאָרגנשטערן אָנגעקומען
אויף גלופסקער כרך.

גבאים טוען געבן אַן עצה,
קרעמער באַטאַפּן דאָסביידל;
תלמוד־תורה יינגלעך רייסן סטרונעס
ביים מידן פערד פון ווײַדל, —
דודס פידעלע אין זייער חלום;
יידישע קינדער ווערן געבוירן
מיט אַ ניגון אין האַרצן,
זינגען יינגלעך „אַ מזמור לדוד״.

געפאָרן איז דער זיידע
זיין נעכטן אַנטקעגן,
געטאָן האָט ער הערן
יצחק אברהם פון שטעטל „בעזליודעוו״
דערציילן:

„די גרויסע טאָרבע, זיידעניו,
פול איז, אוי פול מיט סם און מיט טרערן".
פאַרנומען האָט דער זיידע שטילן געוויין
דורך ווינט און דורך נאַכטיקע שטערן.

די כשרע טרערן פון ביילען
פלייצן איבער קעפּ פון די זינדער ;
דער צער יאָגט הערשעלען יתום, —
גאָט, פאַרהיט אים פון גלופּסקער „כאַפּערס".

שפּאַנט דער זיידע פון שול-הייף צום מאַרק,
וואו גלופּסקער „קליינע מענטשעלעך" שמייען —
האַנדלען, וואַנדלען,
אין פלאָנטער פון אייגענע חטאים.
לוי בחור און די מעקלערין האָדל
פאַרטרינקען זייער מורא אין נייע זינד — — — —

פרימאָרגן אין וואַלד, פייגעלעך זינגען,
דער מוכר-ספרים אויף דער קעלניע
פאַרהילט אין טלית און תפילין,
דינענדיק דעם בורא-עולם.
דיבאָם דאָס פערדל בלייבט שטיין
אַנטקעגן צוויי שיכורע גויים אין טאַנץ ;
שיכור ווי לוט, טאַנצן זיי ווילד,
און סטעמפּעניו אויף זיין פידעלע
שפּילט און שפּילט — — —

# הינדע זאַרעצקי

פּישקע דער קרומער,
אַן אורח אין הקדש פון דער וועלט;
מיט פאַרבלוטיקטע פּיס יאָגט שמואל טאַנדעטניק
צו ראַטעווען זיין בן־יחיד אברהמלען
פון די „כאַפּערס״ הענט.
די האַרבאַטע באַווײנט טאָג פון איר געבוירן;
שמייכלט די בלינדע יתומה
באַדנדיק אירע גיריקע פינגער
אין אַ ים מטבעות,
געקליבן אויפן בעטלער־יאַריד.

דער זיידע, ר׳ מענדעלע,
געצייכנט האָט ווייטע האָריזאָנטן:
פּאַר בנימין השלישי,
פּאַר באַרויבטע הערשעלעך, —
באַרויבט פון פרייד און ליכט.
אין זיין אָדלער־בליק
געזען האָט דער זיידע
שוועבנדיקע פועלים,
יעדער פועל
דעם זיידנס ווינטשפינגערל.

איז געפאָרן דער זיידע, ר׳ מענדעלע,
אויף זיין גאָלדענער קאַרעטע,
אַנטקעגן יובל־געזאַנגען געפאָרן:
אויסגעשפּאַנט האָבן זיך פועלים פון יאָך,
געשוועבט מיטן זיידן,
געשוועבט מיט דער גאָלדענער קאַרעטע
אַנטקעגן אַן אייביק צעבליטן יידיש־גאָרטן.

## חסד אייביק טוט בליען

כ'האָב רשעותן אַ סך געזען,
אויף שווערע, דאָרנדיקע וועגן ;
דורך צער און הונגער-שטעגן

מיין באַשערטקייט איז געווען.
גלויבן אין מיין הארץ טוט בריען :
אין טיגל פון גאָטס האַנט גליען

די שיינקייטן פון אַלע אמתן צען,
דאָס ליכט פון זון און שטערן
פאַרן גאַנצן באַשאַף — זיין קרן.

און חסד אייביק טוט בליען — — — —

# דיין מתנה

מרדכי לייבן

גערױמט האָסטו מיין געמיט
מיט שאַנקען ביכער ציכטיקע, —
מיין הונגער איך זעטיק דורך ליד,
פון היינט און דורות ליכטיקע.

דורך װאָרט טרינק איך פון חורבן,
דורך װאָרט פאַרנעם איך געבעטן שטילע;
יעדער דור טראָגט צו זיין קרבן,
יעדער דור געשטאַרקט דורך תפילה.

# ש ר ע ק

שטיל איז אין חדר װי אין אַן אויער,
דורך שטילקייט פאַרנעם איך טיפער דיין שרעק;
צו לעבן אין מורא איז מער װי אין טרויער,
מענטשלעכע גוטסקייט מיטן שטראָם איז אַװעק — — — —

גרוילטאַט האָט מענטש זינט בראשית געזען,
נאָר מיט חוהס ליבע חסד איז אויפגעגאַנגען;
געטלעכער װאונדער מיט אָדמען איז געשען:
אויפגעלויכטן זיינען טעג — הערלעכע געזאַנגען.

# געבענטשט איז דאָס בלאַט

געבענטשט איז דאָס בלאַט, וואָס ווערט
אויפגעבליט — מיט אינהאַלט.
היינט באַגינען האָב איך געהערט
פייגל זינגען. איך פאַרהאַלט
דעם אָטעם ווי צו אַ תפילה —
פייגל-געזאַנג זאָגט אָן אַ טאָג
אַ זוניקן, שעהען שטילע;
נעם איך אויף פריידיקן פאַרטאָג
מיט אַ תפילה.

## באַגינען

די באַגינען־שעה
הייבט אויף נעפּל
פון די בלומען,
טומאַן שווימט
ווייך און שטיל אין חלל.
דערזעט וועלט גאָטס פּנים;
דערהערט פייגל־געזאַנגען
אַנטקעגן אויפגיין פון טאָג.

## מיין הויז לויכט אויף

מיין הויז לויכט־אויף מיט יינגסטער זון,
אין ליכט צעעפנט טאָג די ברעמען;
תּפילהדיקער ווינקל — מיין טריבון, —
גיב כּוח, גאָט, צו קאָנען באַנעמען:

די פיינלעכע פרייד — סוד פון ליד.
עשירות פון וואָרט האָט מיך גענערט,
אין שווערער שעה נישט געוואָרן מיד
טראָגן עול וואָס מיר איז באַשערט.

# פייגל איבער מיין געצעלט

פייגל איבער מיין געצעלט,
הילט זיי איין, דעקט זיי צו די נאַכט ;
רוען בעלי־חי געפליגל און דער מענטש.
אין דער שלווהדיקער שטילקייט וואַכט
איינע, איבער שטילקייט, איבער וועלט.

וועלדער סודען זיך דורך דער נאַכט,
פעלדער צייטיקן תבואה פאַר גאָטס באַשאַף ;
שטעט שלינגען רעשטלעך־טומל פון טאָג־יאַריד.
אין חלל וויקלען שלייערן אַ ברכה פאַר
בעל־חלום, וואָגלער און בויער וואָס איז מיד.

פייגל איבער מיין געצעלט,
וועקן זיך מיט ליבע, מיט געזאַנג,
אַנטקעגן אויפגיין פון באַגינען.
דער הימל אין מזרח־זייט זיך רויטלט,
ווי אַ יונגע כלה אין איר באַגינען — — —

פייגל פליען איבער מיין געצעלט,
פלאַטערן אין יונגער שעה פון טאָג ;
שפרייטן פרייד אין גאָטס וועלט —
דערהייבן מענטש אין זיין חלום.

# הונגער

א גאַנצן טאָג געלייענט,
הונגעריק איך בין ערשט
נאָך וואָרט, נאָך ליד — — —
דורך וואָרט, דורך ליד,
איך קער זיך אום צום בריק,
די בריק וואָס פירט צוריק
צו זיך, צו מיין היים,
צום עבר — — —

# פלאַטערט דאָס פּאַפּיר

מוזיק נעמט מיך אַוועק פון וואָכעדיק געמיט,
פון דער טיף וואַכט אויף מיין איינגעדרימלט ליד,
באַרוישט מיין הארץ, אין יום־טוב מיינע טריט.

דאָס וואָרט זוכט תיקון דורך קלאַנג,
פון דער טיפעניש גייט אויף אַ דראַנג,
און דאָס וואָרט כישופט מיט געזאַנג — — — —

פלאַטערט דאָס פּאַפּיר אונטער בלייכע הענט,
לויכטן העלער מיינע גרין, גרינע ווענט, —
און סדר פון ליד איך האָב דערקענט.

צעזינגען זיך פייגל אין כאָרן,
סטייעס ציען אונטער הימל קלאָרן:
דורך פרייד און פיין ווערט ליד געבאָרן.

# אויף אַן אינדזל

לאָמיר גיין פון דאַנען,
מיין ליד, לאָמיר גיין;
ערגעץ איז אַן אָרט פאַראַנען
פאַר אונדז, לאָמיר גיין.

ניט שווער וועט זיין
מיין פאַרמעגן נעמען;
לאָמיר ביי לבנה־שיין
קיינעם ניט פאַרשעמען.

מיינע דימענטן ניט געשליפן,
ניט געשמאָלצן איז מיין גאָלד;
אויפן ים מיינע שיפן
דער שטורעם האָט צעמאָלט.

לאָמיר גיין פון דאַנען,
מיין ליד, לאָמיר גיין;
ערגעץ איז פרייד פאַראַנען
פאַרקריצט אויף אַ שטיין — — — —

# כ׳האָב געגנבעט

כ׳האָב געגנבעט היינט
ביי זיך אַ טאָג, שעה:
דערווייטערט זיך פון פריינט.
עס זיינען אויף גאָטס וועלט ניטאָ
די אוצרות, דער פאַרמעג,
וואָס קאָן אָפּהאַלטן, שטערן
מיר אויף מיין חלום-וועג
שלווהדיקע שטילקייט הערן — — —

# די ערשטע שריט

אײדער כ׳האָב אַרויסגעלאָזט דאָס ערשטע געשרײ
אויף דער גרויסער, דער ליכטיקער וועלט,
האָבן ווינטן וואָלקנס געטריבן, זון האָט געהעלט,
געגרינט האָבן זומערן, ווינטערס געזויבערט אין שנײ.

טײכן האָבן אָפּגעשפּיגלט די זיבן הימלען,
געשטראָמט האָבן פיש אין זילבערנער פלײץ;
גערטנער געצײטיקט האָבן תבואות און ווײץ,
פּרדסים געלאָדן מיט פּירות אונטער בלאָע הימלען.

פון צעבליטן גאָרטן צום בײשטידל צוגעפאַלן,
זון ט׳געוויקלט דאָס לעבן אין גאָלדענע שטראַלן:
געלויכטן האָט דאָס הויז פון טאַטנס נגינה,
דעם זײדנס ספרים און דעם אײביקן תנ״ך;
געבליט האָבן שטוב-ווינקלען ווי סוכות דער סכך,
תפילה ט׳געהילט דעם טאַטן און געטלעכע שכינה — — — —

# אין באַגינען פון מיין לעבן

אין באַגינען פון מיין לעבן
מיט דער זון כ׳האָב זיך געפרייט ;
אויף זעמדלעך גינגאָלד געשפרייט —
איבערן טייך פליטערלעך אין שוועבן,
וואסער־ליליעס, גערטנער צעגרינטע דערנעבן.
צעהוליעטע קינדער אויף אייביקן כישוף־וועג,
אין שפילערייען זיינען פאַרשוואונדן יענע טעג, —
ווי אין חלום שיינקייטן געטאָן האָבן זיך וועבן.
אין מיינע רייפע יאָרן
דאָס וואָרט כ׳האָב פאַרנומען אין קלאָרן.

ביליאָנען שטויבן האָדעווען אוים אַ שטיין,
קינסטלער מיט דלאָט און מיט ביין
האַקן אוים מייסטערווערק — מאָנומענטן.
מיין פאָלק דאַרף נישט דיינע מאָנומענטן !
צעקרישלען מעגסטו אויף שטויב יעדן שטיין, —
וועלט !
אונטערן הימל טראָגט זיך קינדישער געוויין :
אין שעה פון שחרית — אין בלויען באַגינען
כ׳הער : קדושים, אין טרייסט צו גאָט זיי דינען.

# יענע רגעס און מינוטן

פאַר טויזנט ביכער אין הויז
שטייט אַ מענטש,
געבויגן און דערפרייט ;
דערפרייט :
פון די אוצרות איינגעזאַפּט
אין איר האַרץ, אין איר געמיט.

געבויגן :
ניט באַשערט געווען צו קומען
צום ליכט פון לעצטן אות
אין ספרים און אין ביכער,
וואָס באַלויכטן דאָס הויז.

אַ חסד־ווינטל פלאַטערט אויף אין הויז,
דערהייבט דעם גרויען קאָפּ,
שאַרט אָפּ דאָס שניי־ווייסע פון געמיט ;
נעמט אָן זי פאַרן האַנט
און פירט דורך ביכער און דורך ספרים,
וואו ס׳בליען יענע וואונדער־רגעס און מינוטן — — —

# שטילקייט

שטילקייט,
ווי אַמאָל הונגער,
מיין חבר איז געוואָרן.
געדענק איך יענע ווייען ;
אין וואונדער פיל איך קראַמפן
שניידן דורך מיין אינגעווייד — — —

כ׳שפּאַן אויף טומל־עוועניו,
בנינים שטרעקן העלדזער אין חלל,
אַנטקעגן שווימען שטיינער — — —
זינט יעקבס טעג
האָט מענטש פאַרנומען
עלנט,
הונגער
און חלום אויף די וועגן — — —

# בענקשאַפט

אויף אַן אינדזל זיך פאַרקליבן, —
בענק איך
נאָך מיין הויז, מיין ביכער־שאַנק,
נאָך די לידער ניט דערשריבן — — —
בענק איך
נאָך דער בענקשאַפט וואָס טוט אַזוי באַנג.

פון דער יוגנט אָפּגעשוואומען, —
בענק איך
נאָך טעג וואָס זיינען אַנטרונען,
טעג צעבליטע ווי אין גאָרטן בלומען ;
בענק איך נאָך דער בענקשאַפט,
וואָס איז גוט אַזוי צום גומען.

## דערמאָנונג

איינמאָל, אין אַ ווייסן אינדערפרי,
אַריבערגעשפּאַנט כ׳האָב די שוועל
פון מײַן היים, די ברכה מודה אני
געלויכטן האָט אויף מײַן וועג העל.

הינטער זיך געלאָזן יוגנט-געזאַנגען,
אַלץ האָט געכּישופט ווי אין אַ מעשה;
אויף נייעם באָדן כ׳בין געגאַנגען —
אין דערמאָנונג פון אַ וועלט אַ ווייסע.

# קורסק

אויסגעפּוצט ווײַס, ווי אַ כּלה,
שטייט די שיף „קורסק" אין ליבאַווער האַפן;
פאַרביקע פאָנען פלאַטערן,
טרומייטן רופן שטראָמענדיקע עמיגראַנטן.

גייען מענטשן איבער טרעפּ, —
באַוועגלעכע שורות ציען אַרויף, אַרויף,
אויף דער פּאַלובע הענט אין ציטער,
ווײַסע טיכלעך פאָכען אין ווינט:
משפּחות אויף אייביק זיך שיידן — — — —

סירענעס פייפן — באַפעל פון קאַפּיטאַן,
רירט זיך שיף פון האַפן,
אַנטקעגן שפּיגלט שמייכלענדיקער אָקעאַן.

שניידט די שיף דורך שטייגנדיקע כוואַליעס,
וויגט געמיטער אין צער, אין האָפענונג.
האָפענונג פירט צום פרייען ברעג-אַמעריקע.
נאָך שטורעמדיקע דרייצן טעג
אַריינגעשוואומען איז „קורסק" אין ניו-יאָרקער האַפן.
מיט טויזנט אימיגראַנטן
באַטראָטן כ'האָב מאַנהעטן-ברעג.

## צו אַ ייִד אין סאָוועטן

קריך אין ערגעץ איין מיין נאָמען,
וואו נאָר דיר געפעלט:
אין ערמיטאַזש, אין ביבליאָטעק, אין ביכער
וואָס איך האָב לייענען פאַרפעלט.

גיב דאָרט אָפּ מיין פלאַמיק גרוס
ייִדן אין מיין ליטוויש שטעטל;
שפּאַן אַריבער שוועל פון הויז —
ניט זוך מיין קינדער-בעטל.

גיי דאָרט צו צום ביכער-שאַנק,
טו אַ בלעטער מיין טאַטנס ספרים;
שוועבט נאָך דאָרט אַ ניגון אום
איבער די פאַרלאָזטע ספרים — — — ?

# צו אַ ווייסן וואָלקן

אָ, ווייסער וואָלקן,
וויקל מיך
אין דיין הויכקייט,
מיט דיר וויל איך שוועבן
צו מיין ניט געשריבן ליד.

אין מיין ניט געשריבן
ליד
איז דאָ צו דערציילן
פון אַ וואָגלער און זיינע וועגן זיבן.

אויף אייביק וועלן זיך ניט פאַרהיילן
יענע גרויליקע וואונדן,
וואָס האָבן זיך פאַרשניטן
אויף זיין האַרצן, —
וואָגלענדיק אויף זיינע וועגן זיבן — — — —

## פּאַפּירלעך אויף מיין טיש

ווייסע פּאַפּירלעך אויף מיין טיש, —
ווי די ציגיינערין
אויסגעלייגט האָט אירע קאָרטן ;
איך זע וואָלעט דעם שטילן
באַדינען דעם מלך און די מלכה.
גיריק זוך איך צווישן
פאַרשריבענע פּאַפּירלעך :
סוד פון דורשט נאָך וואָרט, נאָך ליד.
טאַש איך פּאַפּירלעך און צייל ווערטער,
ווי די ציגיינערין ציילט אירע סטענגעס און קרעלן.

# ציגיינער־טענץ און טרערן

אין חודש תמוז
האָב איך
די ליכטיקע וועלט דערזען ;
זעכציק עדות
זיינען ביז היינט געווען,
זינט כ'האָב דאָס ערשטע טרער פאַרגאָסן.

דאָס שטעטל געווען איז רחבותדיק צעבליט,
דער פריפעט אָפּגעשפיגלט האָט זיבן הימלען ;
שולן, חדרים זיינען געווען,
מלמדים האָבן יידישע קינדער געלערנט גאָטס וואָרט.
קראָמען זיינען געווען, אַ הקדש און אַ באָד.
אַ יאָר־יאַריד געפּראַוועט האָט דאָס שטעטל,
און סוחרים זיינען פון ווייטע מקומות אָנגעקומען :
פון קיעוו, קרעמענטשוג און פון בראָד.

ווייסע ביידלעך זיינען אויפגעגאַנגען
ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן,
באַלאַגערט דעם מאַרק האָבן פּויערים, סוחרים און פּי.
פערד געשטויסן האָבן זיך און געהירזשעט ;
פורן געלאָדענע מיט חזיר־האָר, תבואה און ליין.
געשטראָמט האָבן מענטשן ווי אַ טייך
אויפן יאָר־יאַריד „איליאַ.‟

בעטלער אויסגעזעצט אויף דר'ערד אין אַ קרייז,
אויף זייערע לירעס געשפּילט בעטלער-ניגונים,
וויגנדיק זיך, אויסגעזונגען דעם עלנט פון דער וועלט.
ציגיינער-מוידן האָבן געטאַנצט קלאַפּנדיק אויף טאַמבורינען,
אין פלאַטער זייערע רעגנבויגנדיקע קליידער,
סטענגעס געוויקלט האָבן זיך אין שטראַלן פון דער זון ;
ווייסע פערל-ציין געבלאַנקט האָבן פאַרשייט — — —

אַ ציגיינער-יונג
אין גלאַנציקע שטיוול, מיט אַ בייטש אין דער האַנט,
ט'געבליצט מיט פונקען אין זיין בליק ;
אַ שמיים אין דער לופט —
שלענגלט זיך די בייטש אין חלל.
די שיינע ציגיינערין גליווערט אונטער זיין בליק ;
זי קושט זיינע גלאַנציקע שטיוול,
וואַשט זיי מיט טרערן —
שנירלען זיך זילבער-טראָפּנס
אין בלענדיק-ווייסן זאַמד — — —

## פאַרנאַכט

אין מערב-זייט
איז דער הימל געצונדן,
געצונדן
דורך פאַרנאַכטיקער זון.
פאַרנאַכטיקע זון
האָט איר האַרץ אויסגעגאָסן:
צעפלאַמט אין הימלישע פאַרבן,
פאַר בני-אָדם
די שיינקייטן צו אַרבן — — —

# אין מערב־זייט

אין מערב־זייט
רויטלט זיך דער הימל, —
נאָך אַ טאָג איז פאַרגאַנגען
אויף יענער זייט האָריזאָנט.
אין האַרצן כ׳זוך דעם באַגינען, —
איך זוך, יענע יונגע טעג.

אין מערב־זייט
רויטלט זיך דער הימל, —
נאַקעטע צווייגן, ווי פינגער,
צייכענען אומעט אין חלל, —
בענקשאַפט נאָך קנאָספּן אין בליען,
בענקשאַפט נאָך בלעטער אין גרינען.

אין מערב־זייט
רויטלט זיך דער הימל, —
ביימער שטאַרקן דעם ווילן,
וואָרצלען זייגן די זאַפטן
פון אָדערן אין שיכטן אויף שיכטן,
וואָרעמען שטאַמען און צווייגן צום בליען.

אין מערב־זייט
רויטלט זיך דער הימל, —
נאָך אַ טאָג איז פאַרגאַנגען
אויף יענער זייט האָריזאָנט.
מיין אַרבעט נישט פאַרענדיקט — —
נישט דערשריבן מיין אויסגעחלומט ליד.

## צו אַ דיכטער

בײם האָריזאָנט האָט זיך אַ העראָלד געטראָגן
און אויף אַ זילבערנעם האָרן געשפּילט;
װינטן האָבן װײסע װאָלקנס געטאָן יאָגן,
דער העראָלד האָט געשפּילט און געשפּילט.

דאָס װײסע פּונעם שניי — אין די װאָלקנס,
די פרײד פון בליאונג — אין זײן הארץ;
קאַראַװאַנען שטויסן בופלאַקסן דורך װאָלקנס,
צום ניגון שטרעקט דער זינגער זײן האַלדז.

זײנען אים אַנטקעגן געקומען זומערן זאַטע,
פּאָווידלע, פּעסער האָניק אין לויטערן גאָלד;
אויף זײן עשירות קוקט ער דורך אויגן מאַטע, —
און אויפן זילבערנעם האָרן שפּילט דער העראָלד.

# דער טויכער

פאַר יעפים ישורין

אָנגעצויגן ווייסע זעגלען
האָבן נאַכטיקע האַרבסט-ווינטן ;
איבער צעכוואַליעטע אינדן
זעגל-מייסטער געטאָן האָט זעגלען.

געטויכט אונטער וואַסער-שטראָמען
און אויסטערלישע פּערל געפונען,
דורך די טעג חלומות געשפּונען
און באַצוואָונגען די תהומען — — —

טויכער זיינע פּערל טוט שנירלען
אויף לבנה זילבער-שטראַלן, — — —
ליכט-זיילן איבער יידיש-לאַנד פאַלן
און טויכער זיינע פּערל טוט שנירלען.

פלאַטערן שלייערן פאַר זיינע אויגן,
אין בונטע פאַרבן פונעם רעגנבויגן.

## ביים ים

גרין איז דאָס וואַסער,
בלענדיקע זאַמדן אַרום ;
בלוי איז דער הימל,
ווייסע וואָלקנדלעך פרום.

הייזלעך ווי שוואָמען
ביי די ברעגן פון ים,
געסדרט אין שורות
ווי לידער אין גראַם.

# פרילינג־גייער

פאַר קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

ווייסע בערן,
ציגן, גענדז ;
בליעןביימער,
הענגען פרענדז.

טראָגט דער גייער
פולע קוישן ;
און די טייכן
רוישן, רוישן ;

שוואַנען שווימען
אויף זילבער־טייכן ;
פערדלעך יאָגן
אין ווילדן פרייכן.

אויף איין אַקסל
אַ בינטל שטראַלן ;
פון בערג שווימען
וואַסערפאַלן.

שמייען יינגלעך,
מיידלעך טאַנצן ;
ווינטן וויגן
בלומען, פלאַנצן.

אויף איין אַקסל
אַ קויש מיט לידער ;
מעשיות שיינע
דערפרייען גלידער.

הימלען וויקלען
בלויען שלייער ;
פון באַרג קומט־אָן
דער פרילינג־גייער.

זינגען קינדער,
צום פרילינג־גייער
און וויקלען טעג
אין בלויען שלייער.

# צו די שטערן

קינדערלעך, לאָמיר היינט אַ מעשה הערן,
וועגן מענטשן וואָס פליען צו די שטערן:

ווען די וועלט איז פון תוהו אַרויסגעשוואומען,
איז חכמה צו אָדם — דעם מענטש אויפגעקומען;

האָט דער מענטש געאַקערט, געבויט און געזייט,
קינדער געבוירן האָט חוה און ליבע געשפרייט.

צעבליט האָבן זיך פעלדער מיט ווייצן און קאָרן,
זיינען מענטשן קרעפטיק און שטאַרקער געוואָרן.

איידער עראָפּלאַנען צענומען האָבן ריזיקע פליגל,
האָט בן־אָדם געטאָן אויסשמידן שלאָס און ריגל — — —

ביז היינט חלומט דער מענטש צו גרייכן ווייטע ווייטן,
און מעשיות דערציילן פון וואונדער־צייטן.

איבער ימען, אויף באָנען זיינען מענטשן געפאָרן,
איין לאַנד מיטן צווייטן זיינען נענטער געוואָרן — — —

האָט מען גערייזט און געזוכט אַ צייכן, אַ רמז,
אין סוד פון וויסן געוואָלט דערגיין דעם אמת;

צווישן פעלקער געדייען זאָל אייביקער שלום —
אַקער־אייזן אויסשמידן — **ישעיהס חלום.**

קינדערלעך, לאָמיר היינט אַ מעשה הערן,
פון מענטשן וואָס פליען צו דער לבנה, די שטערן.

דאָס לערנען שווער איז, נאָר הייליק און טייער, —
חלומט בן־אָדם פון אַ כוח — געטלעכן צושטייער.

# פאַרנאַכטביים ים

שלאָגן כוואַליעס לייבן-ווילד,
מיטן אומרו פון תהומיקע טיפן;
די גבורה אין סודות געהילט,
טראָגן לעגענדעס אויף אַלטע שיפן.

טונקעלע שלייערן ביים האָריזאָנט
שפּרייטן שאָטנס אויף צעברויזטן ים, —
און אָדם האָט פון עלנט געזאָנט,
זינט זיין גלות אויף יענער זייט צאָם.

# אין וואונדער

גאָט,
אין וואונדער קוק איך
אויף דיין פאַרמעגן :
אַזויפיל זילבער אויסגעשמאָלצן
אויפן ברייטן אָקעאַן.
אויסגעשפּרייט ליכטיק־בלויע הימלען,
און זאַמדן וואַרעמע דערפרייען
פון וואָגלער זייערע מידע טריט.

ווי אַ מילגרוים פול מיט זאָרגן,
בין איך צום ים געקומען, —
פול מיט זאָרגן,
נאָך אַזויפיל הזכרות
און לויהם פון גרויסע זין
ביים יידישן פאָלק.

ים, מיין מידן הארץ
האָב איך געבראַכט צו דיין שוימיקן ברעג ;
אויף דיינע בלענדיק־ווייסע זאַמדן
שטיפן קינדערלעך מיט צויבער־כוואַליעס ;
איבער זייערע שמאָלע אַקסלען,
איבער זייערע הילכיקע געלעכטערם
הער איך **גאָטס ברכה** — — —

דורך די נעכט
איך הער דיין וויטמאַנישן ריטם,
דער ריטם פאַרהיילט מיין האַרץ אין רו.
איך זע די שטערן ווינקען צו דער לבנה,
אין טרייסט פון איר אומעט:
אייביק לויכטן
דורך פרעמדער ליכט — — —

## קינדערלעך ביים ים

שטיפן קינדער ביי די ברעגן,
ביילע צייכנט וואַסער־וועגן ;

שלמה בויט זיך ים־פּאַלאַצן,
חיים פּויקט אויף זילבער־טאַצן.

קינדער־הענטלעך קנעטן קוכן,
זונען־שטראַלן וויקלען טוכן ;

ווייסע שלייפן אין שיינדלס צעפּלעך,
וויגן קינדער מיט די קעפּלעך ;

אייזיק פירט אַ רומבאַ־טאַנץ,
פלעכטן קינדער אַ שיינעם קראַנץ.

זומער־כוואַליעס שפּרייטן שוימען,
פרייד, געלעכטערן אָן צוימען.

טאָג, אַ הייסער, ברוינט די גלידער,
זינגען קינדער שיינע לידער.

שווימען שיפן צו צום ברעג
מיט מתנות — גאָלד'נע טעג — — —

# דער ים

דער ים האָט צו מיר היינט
אין חלום גערעדט ;
ווייס-שוימיקע ליילעכער
געשפּרייט אויף מיין בעט.

מיך געוויקלט, געוויקלט,
אין נאַכט-שלייערן זיבן,
אין וועג אין אַ וווייטן
כ'האָב זיך געקליבן.

נעמט מיך זכרון אָן ביי דער האַנט,
גייען מיר ווייט, גייען מיר גיך,
קומען מיר אָן אינעם כישוף-לאַנד
וואו געבוירן מיין מזל-שטערן און איך.

תפילה'דיק טו איך בעטן :
גאָט, בינד אויף הונגער-געמיט,
צעפלאַטער בלעטער פון מיין לעבן,
ווי דעם אָדלערס פליגל אין ווינט — — —

## שליאַכן זיינען קלוג

אויסגעוויקט האָט דיך, מיין וועלט, דער רעגן,
שלאַקסן האָבן אָפּגעווישט שטויבן פון גראָז און שטיין,
און פאַרשוויינקט דעם גרויסן אומעט אויף די וועגן;

און דער וואָגלער האָט געטאָן דערציילן:
— שליאַכן זיינען קלוג, מען דאַרף עס נאָר פאַרשטיין, —
וואויל איז יענעם וואָס קאָן זיין וועג אויסוויילן — — —

# אין וועג

ערגעץ ווייט ליכטיקט זיך אַ ראַנד,
ערגעץ וואו פירט דעם קעפּטנס האַנט.

עמעץ דאָרט רייניקט אַ קאַבין,
דער אינזשינער שלייפט ציינער פון מאַשין.

שטייט אַ שיף פאַראַנקערט אין אַ האַפן,
אויף דער יבשה הוליען די מאַטראָסן.

דער טאָג קומט אָן, איך פאַרלאָז דעם ברעג,
וואו ס׳בלייבט דער חשבון פון מיינע יונגע טעג — — —

# געטלעכער וואונדער

## א

דורך אַלע חושים פֿאַרנעם איך געטלעכן וואונדער,
שטערן מיט שטערן פֿינקלען זיך איבער ;
אין הימל קעניגט יעדער פּלאַנעט באַזונדער,
פּלאַטערט מיין הארץ מיט הימלישן פֿיבער.

## ב

אין מזרח־זייט פֿון הימל, די יצירה ברענט,
טרויערט מיין הארץ מיטן אומעט פֿון אָרביטן.
נעם מיך צוריק, בורא עולם, צווישן מיינע פֿיר ווענט,
גיב כוח, גאָט, צו באַנעמען אייגענע געביטן — — —

# אויף פליגל

אויף פליגל פון שטאָל און פון חלום,
שוועב איך אין אזור־בלויען חלל ;

איך צי זיך צו די סודות אין רוים,
צו בן־אָדמס אויסגעבריטן טרוים — — —

כ׳פאַרנעם דורך שטילקייט אַ קלאַנג :
פון אייביקייט — דעם בוראס געזאַנג ;

געצייכנט גאָטס האַנט — הימל און ערד,
וואַסערן געשפּרייט — די פרייד געווערט ;

אין זעקס טעג געשאַפן זיין ווערק,
טייכן אין זילבער, טאָלן און בערג ;

שטערן מיליאַרדן, גאַלאַקסן אין גרוי,
הימלען די זיבן, זיי שטראַלן אין בלוי.

אויף פליגל פון שטאָל און פון חלום,
שוועב איך אין בלוי־ווייסן חלל — — —

אויף שניי־בערג געטורעמט אין הימל,
שלומערט בן־אָדמס חלום אין דרימל ;

אַ גן־עדן ווייסקייט הילט איין דעם געביט,
כ׳ווער בלינד קוקנדיק אויף געטלעכע טריט — — —

## פליט מיינע אָדלערס

פליט מיינע אָדלערס,
פליט פון מיר אָפּ, —
אונדזער וועלט־סדר
קלאַפּט ניט אין טראָפּ — — — —

וועל איך בענטשן די ווינטן,
וואָס ציען אייערע פליגן־אָן ;
און זיך וועל איך טרייסטן :
דאָס פלאַטער — אַ ליכטיקע פאָן.

מיינע טעג און יאָרן
אין אייך פאַרשפּונען,
מיטן רוף פון האָרן
צו אויפגייענדיקע זונען.

שפּאַן איך איבערן וועג,
דערהייבן איז מיין טראָט ;
אָנגעלאָדן זיינען טעג
דורך לויטערן געבאָט — — —

ניט זיכער איז מיין בריק
זינט די אָפּגעלאָפענע טעג, —
ניט בייטן וואָלט איך דאָס גליק
אויף מיין באַשערטן וועג — — —

# ערב שבת אין שטעטל

קאַיאַר טראָגט מען קוישן פיש אויפן באַרג,
ערב שבת שטעלט זיך איין אַ מאַרק
פון קאָרעסן, קאַרפּן, פלאָטקעס און העכט,
זילבער פון „פּריפּעט״ אויפן מאַרק עס ברעכט.

קויפן גבירים צאַפּלדיקע קאַרפּן לרוב,
אַדירים קויפן זילבערנע העכטן לרוב,
„געפאַלענע״ בעלי־בתים קויפן קאָרעסן איין,
די פלאָטקעס שווימען צו די קבצנים אַריין — — —

אונטערן האַקמעסער, אין שטעטל עס טומלט:
ציבעלעס האַקט מען, לאָקשן מען בראָקט;
דאָס געבעקס לויכט אַראָפּ; דער צימרינג־קוכן,
די חלה זיינען אויפגעגאַנגען מיט כישוף־שפּרוכן.

אין שקיעה־שעה עס רויטלט זיך דער מערב,
ווי די שיינע כלה אין איר יחוס־מראה, —
אין שענסטן ציר די מאַמע, די שטילע,
הענט זי שטרעקט רעגנבויגנדיק אין תפילה.

זי נעמט אַרום פלעמלדיקע בענטש־ליכט די זיבן:
„איך שטיי פאַר דיר, האַר, פון הימלען די זיבן
און בעט: טרייסט דיין פאָלק דורך די דורות, —
לייז אויס, בורא־עולם, דיין פאָלק פון גזירות.״

ס׳בלאַנקען די לייכטער, די שטוב איז זויבער,
לכה דודי געזאַנגען — אייביקער צויבער, —
די קינדער פאַרפּוצט אין שבתדיקע בגדים,
אויף אָרעם און רייך רוען גאָטס חסדים — — —

# אַ מעשה

## א.

אין אַ ווינטער, אין אַ פּראָסטיקן,
געפּאַנצערט דאָס שטעטל איז געלעגן;
געשמידט אין ליכט־בלויען אייז,
אין שניי געהילט באַרג און טאָליקע וועגן.

שטיבלעך מיט קוימענס צום הימל,
דעכער — פּויערישע קוטשמעס ווייסע;
אין ווינטער־שטילקייט געדרימל
דערציילן וויל איך היינט אַ מעשה:

אונטערן באַרג אין מיין שטיבל דאָס קליינע,
כ׳האָב זיך געפרייט מיט אַטלעס־ווייסע טאָלן;
טאַטעס און מאַמעס און קינדערלעך שיינע
באַלעבט האָבן דאָס שטעטל און הערלעך באַמאָלן.

אין זומער די פעלדער צעאַקערט, פאַרזייט,
סעדער צעגרינטע, מיט פּירות געלאָדן,
דאָס לעבן געוועזן איז דורך קינדער דערפרייט
בני־אָדם אין רחבות, אין זון־ליכט געבאָדן.

חדר־ייִנגלעך, מלמדים, הדרת־פּנים ייִדן,
כאַדאַטייעס, פאַרחלומטע שניידער־יונגען,
קרעמער, פּראָצענטניקעס און יאָר־יאָרידן;
יונגע ייִדישע מאַמעס אין לעבן צעזונגען.

ב

פאַרלאָזט האָב איך מיין היים-שטעטל,
דאָרט, וואו מיין וויג איז געשטאַנען;
צעגייט זיך מיין האַרץ אין בענקשאַפט,
יעדער שטיין, יעדער בוים קאָן דערמאָנען.

אין פרילינג זיינען טייכן צעגאָסן,
דער פריפּעט און דער בוטשאַק;
צעשוואומען אין טויזנט פאַרדראָסן,
אויף איין פוס שטייט דער שטאָרק;

זיין לאַנגער שנאָבל אונטער אַ פליגל,
מיט איין אויג ער זוכט אינעם אַרום:
— ניטאָ די ליבע שפּרינגער איבערן היגל —
קוקט דער שטאָרק אויף דער וועלט קרום — — —

# צו־גאַסט

אין אַ שיינעם, אין אַ זוניקן פרימאָרגן
בין איך אין מיין היימשטאָט אָנגעקומען, —
פרעמדקייט אויף גאַסן ז׳געווען פאַרבאָרגן,
כ׳האָב אויפן וועג צום שטוב זיך פאַרנומען,

אין הויז וואו מיין וויג איז געשטאַנען,
מיט אייפער געזוכט כ׳האָב קינדער אין שטיפן ;
שפּילערייען פון ווינקלען געטאָן האָב איך אָנען, —
קינדער האָבן זיך צעפאָרן מיט באַנען, מיט שיפן.

ליידיק זיינען געווען די ביכער־שאַנקען,
ספרים אַוועק זיינען אין העלישע פלאַמען ;
אליהוס כוס, קידוש־בעכער — זיידנס געשאַנקען,
האָבן רוצחים פאַרטיליקט מיט די שטאַמען.

אויף אַ זייטיקער טרעפּ בין איך אין קעלער אַראָפּ,
פעסער שטייען פוסטע, מילך־קרוגן איבערגעקערטע ליגן ;
שפּינגעוועבן אין קנוילן הענגען איבערן קאָפּ,
אַ מוראדיקע שטילקייט טוט די קנוילן וויגן — — — —

וואַקלדיקער לייטער האָט מיך אויפן בוידעם געבראַכט,
דורך צוויי בוידעם־פענצטער, שטיקער הימל דערזען ;
דער קאַסטן מיט פּסחדיקע כלים האָט דערוואַכט
אונטער מיינע הענט, ווי אַ נס וואָלט געשען.

# הינדע זאַרעצקי

מיינע פינגער זיינען אין פיבער געלאָפן,
געזוכט דעם טאַטנס אויפגעראָלטע פּאַפּירן ;
געפונען כ'האָב זיין טלית און תפילין — —
עמעצער האָט מיך פאַר אַ האַנט געטאָן פירן

צום אויפגעלייזטן דאַך, אונטער הימל קלאָרן.
כ'בין געבליבן שטיין אין תפילהדיקן גלויבן
פאַר אַ בערגל געהילט אין שטויבן פון יאָרן ;
מיט ציטער אין האַרץ כ'האָב עס אָרויסגעהויבן.

דער טלית גאַנץ איז געבליבן ביז דער עטרה,
מיטגענומען כ'האָב די כתבים, זיין ש"ס און גמרות.

# אַ כראָניקע

## א

ביים זייט פון פּאָליעסער וואַלד
האָבן יידן פון מיין שטעטל געהייליקט באָדן,
אַ בית-עולם, אַן אייביקע היים לדור-דורות.
איינגעזאַמלט אויף יענעם באָדן האָט מען
באַבעס טייערע און ליכטיקע זיידעס ;
ערד האָט איינגעזאַפּט דאָס בלוט,
צייט געזויבערט האָט די ביינער.

## ב

רוצחים געצונדן האָבן די וועלט,
שטורעמס צעטראָגן האָבן די פלאַמען ;
מענטש איז אַרויס פון יושר-ראַמען,
געפּלינדערט און געבראָכן אַלע צאַמען :
באַרויבט און געשענדט צלם-אלהים,
אויפגעאַקערט דורותדיקן בית-עולם,
מתים-ביינער געשליידערט פון די קברים.

ג

נביא יחזקאל, שפּרייט אוים דיינע פליגל
אויף יענעם פאַרשעמטן בית־עולם,
וואוביינער זויבערע פון עופּעלעך,
שאַרבנס פון זקנים און למדנים וואַלגערן זיך,
אויפן שפּילפּלאַץ ביים פאָליעסער וואַלד!
זקנים, למדנים און יידן פּשוטע
אָפּגעהיט האָבן גאָטס געבאָט;
זאָל דיין נבואה אָפּווייכן פאַרשעמטקייט
און הייליקן דאָס דורותדיקע געביין
פון יידן ערלעכע, פון יידן פּשוטע, אָמן.

# דערמאָנונג

פאַרנאַכט, ביים זון־פאַרגיין,
טויכט אויף פאַר מיר מיין היים:
פענצטער פאַרחלומטע שטייען,
סטייעס פייגל פלאַטערן געהיים.

קינדער לאָזן שפּילצייג אויפן הייף —
שיסעלעך „געבעקסן" פון ליים;
פעסעלעך זון מיט גילדענע רייפן,
גאָרטן צעבליטן, בלומען אוןביים.

פאַרנאַכט נידערן שאָטנס גרויע
איבער סעדער צעגרינטע און שטובן,
הילן אין אומעט הימלען די בלויע;
שטערן מיליאַרדן טוען זיך שופן.

אויפן גאַנעק מיט הייכע טרעפּן
כ'זיץ אין פאַרנאַכטיקן וואונדער:
גאָטס עשירות — נישט אויסצושעפּן,
אַ מילכוועג, פּלאַנעטן און שטערן באַזונדער.

אויפן טייכל די וואַסער־ליליעס שלאָפן,
די פרעש קוואַקען אויס אַ „קאָנצערט";
געהילטע אין חלום זיינען קינדער געשלאָפן,
ביז מאָרגנשטערן כ'האָב גאָטס וואונדער געהערט.

# אויף אַן אינדזל

## א

מיין ביכער־שראַנק
געבויט איז פעסט,
הייכע פים
אויף אייזערנע רעדער;
אונטער שלאָס
פּאַק איך איין
טויזנט טאָמען.
אין שעה פון גזר
מיר טוען זיך אַ רים,
אין וועג פון דאַנען — — — —

דער פּאַרטאָג איז קיל,
די וועלט איז בלינד, —
ציען מיר
גאַס־איין, גאַס־אויס.
מיין ביכער־שראַנק
אויף אייזערנע רעדער
ראָלט נאָך מיין גאַנג,
מיין טראָט איז פעסט.
מיר זוכן אַ ווינקל,
מיר זוכן אַן אינדזל.

## ב

מיינע טעג זיינען דורכגעשוואומען,
אין צער, אין הונגער אין שווערן;
דורך נע־ונד צו דיר אָנגעקומען,
געליכטיקט דורך חלום און שטערן.

אינדזל, אויף דיין אָקסל דערהויבן, —
צויבערן וועלן די טויזנט טאָמען,
לויטערע גייסטער אין גלויבן
האָבן געטאָן פאַרהיטן פון תהומען;

געזאַנגען, דורך דורות פון יאָרן,
אויסגעחלומט אין וויכטאָג, אין פּיין, —
פון קאַטאַקאָמבען צום הימל קלאָרן,
צעטראָגן האָט זיך אַ געטלעכער שיין.

געליטענע ביינער אויפלייזן וועלן
אַנגסטן, מיין האַרץ וועט טאָן און הערן:
דאָס רוישן פון ימען דורך וועלן,
דאָס לויטערן פון חכמה און שטערן.

פון אינדזל זען וועל איך זען,
אין גאַנג די וואָס כ'האָב פאַרלאָזן,
מענטשן אין זייער עלנט: זינט חוהן
בליען דערנער און בלומען און גראָזן — — — —

ג

ס'איז נאַכט, מיין האַרץ איז מיד, —
נאָכן וואַנדערן גאַס־איין, גאַס־אויס;
לאָמיר דאָ פאַרוואָרצלען אונדזערע טריט
און אויפנעמען געזאַנגען פון גאָטס הויז.

צי איך זיך אוים אויף מיין מידן רוקן
און בלייב ליגן אונטערן נאַכטיקן הימל;
אויפן לויטערן וואונדער טו איך קוקן,
דאָס געטלעכע זע איך ווי אין דרימל — — — —

דימענטן צעוואָרפן איבער הימל בלויען,
שווימט די לבנה דורך שלייערן ווייסע;
זיין עשירות דער בורא קאָן טרויען, —
קלייב איך אוצרות און שפּין אַ מעשה:

ד

נאַכט נעמט אַריין אין איר אָטעם אין קילן
בני־אָדם, די חיה און דאָס געפליגל;
פינקלען שטערן, אין שימער זיי הילן,
פורעמען שיינקייטן דורך אייביקן טיגל.

דאָ, אויפן אינדזל פעלדזן דרימלען,
אין חלום זיי שוועבן אין שטויבן מיליאַרדן,
זון און רעגן פון לופטיקע הימלען,
געצערטלט סקאַלעס פאַר אינדזלען צו אַרבן.

העדזשעס און בלומען שליסן די ליפּן,
אין זיך איינגעשוויגן ביזן באַגינען, —
מיין נייגיר מיט זיי בינד איך אין קניפּן,
וואַכן אויף ניגונים נאָסטאַלגיש אין זינען:

זינגט אברהמל למנצח און שיר השירים,
מרדכי לייב שפּילט בר־כוכבא אויפן פלייט;
מיט תפילות און קאַפּיטלעך תהלים
דורך האַרץ פון נאַכט, דער לוי גייט — — — —

די וואַסער־טרעגערין זינגט פון גורל שווערן:
„די אָרעמקייט, גאָט, פון ברונימער ניט אויסצושעפּן,
זאָגט, איר הימלען ליכטיקע, וואו איז מיין מזל־שטערן?
אָ, גאָט, ווער וועט גרינגער מאַכן מיין אלמנה־לעבן?"

# געטאָן האָט זי חלומען

א

צעפליקטע זיינען אירע שעהן
און מינוטן,
די רגעס אָנגעצונדן
מיט בראַנד און פּיין ;
געטאָן האָט זי חלומען
פון ניסים, —
האָט אשמדאי צעגאָסן
איר בלוט ווי ווייַן — — — —

ב

טויזנט עוולות האָבן איר האַרץ געלעכערט, —
ניט געשטירצט איר גלויבן ביז היינט :
אויסשטראַלן וועט זיך אַ טאָג אָן עכטער,
פון ערגעץ וועט אויפקומען אַ פריינט
און דערציילן פון גליק אויף גאָטס וועלט,
און דערציילן פון אייביק ליכט צעהעלט.

# פול ווי אַ לאָגל

פול ווי אַ לאָגל, מיט געזאַנג,
שטרעק איך צו דיר מיין מויל;
נעם, נעם אַוועק הונגער און דראַנג,
וויקל אויף דאָס פלאָנטער־קנויל — —
ברען אוים צער פון מיין געמיט
און דעם ווייטאָג אין מיינע מידע טריט.

# כולו וואונדער

### א

אויפגעגאַנגען די זון איז פייערדיק רויט,
היינט ווי אַמאָל אַ זון־אויפגאַנג —
פרייד האָט איבער מיר זיך געשפּרייט,
שפּירנדיק טריט פון געגאַרטן אין גאַנג.

געטלעכע פליגל האָבן איבער מיר געפּיבערט,
ווי זינג־פייגל אין שעה פון זון־אויפגיין ;
אַ קול האָט שטיל צו מיר אַראָפּגענידערט —
דאָס ניט־דערזאָגטע וואָרט וועט נאָענט ווי געוויין.

### ב

גאָטס וועלט איז כולו וואונדער :
פון גרעזל וואָס ברעכט זיך דורך צום לעבן,
דער פויגל וואָס זינגט אויס גאָטס וואונדער,
דער ווינט וואָס ציט אָן פליגל צום שוועבן ;

דער כוח וואָס באַרוישט וואַסערן צו שטראָמען,
דאָס קינד וואָס שטעלט ערשטן טראָט אין וואונדער,
און די חושים וואָס דער בורא האָט געשאָנקען
צו באַנעמען אין דער וועלט די גרויסע וואונדער — — — —

# באַגינען

אַ, ליכטיקער באַגינען,
מיט סאַמעטענע טריט
טוסטו זיך באַווייזן, —
אין געזאַנג, אין ליד
גייט אויף דער פרימאָרגן.
אויף פלאַנצן זילבער־טוי ;
ציטיקן ווייצן, קאָרן,
געבענטשט איז דער פאַרזיי.

# אַ תפילה

געזען האָב איך אַ סך
אין גאָטס וואונדער־וועלט ;
געלאָקט האָט מיך
די זון וואָס לויכט און העלט,
די שטערן אין געטלעכן געוועב,
אין ליכטיקן דרימל דער מילכוועג.

צום אָפענעם הימל מײַן בליק,
איך פאַרנעם דאָס בלויע, אין תפילה
צו גאָט, דורכן וואונדער־בריק
טראָג איך דאָס שטילע
פלאַטער פון דער טויב —
צום אייביקן באַשאַפער אַ לויב.

# שרה בת טובים

מיט יום-טוב פול איז מיין הויז,
יעדער ווינקל אַ תפילה שווייגט אוים.

בין איך אָנגעזאַפּט מיט געזאַנג,
עס טראָגט זיך פון ערגעץ אַ קלאַנג.

אַ שטים פון מרחקים רופט אוים :
„טעכטער, פון יידיש-הויז קומט אַרוים,

„ניט וואַרט ביז דער דאַך פלאַקערט אויף,
צו אייך, ליבע טעכטער, איך רוף — —

„דאָס געשטאַלט וואָס איך שיק אַרוים,
טראָגט מתנות פאַר קליין און גרוים ;

„מתנות געקליבן אויף גאָטס וועלט, — — —
אויפלויכטן זאָל אין אייער געצעלט.

„טראָגט דאָס געשטאַלט אין קוישל מתנות,
שפּילצייג געשניצט אין האַלבע לבנות;

„פּישעלעך, פּייגל, אלף־בית אויף קובן,
יידיש זאָלן קינדער ריידן אין אַלע שטובן.

„מאַמעס וועלן זינגען לידער, אין פּריידן טיילן
קיכעלעך און מאַנדל־נים און מעשיות דערציילן.

„פלאַטערן וועלן בלעטער פון ביכער־שאַנק אַרויס,
פול וועט זיין מיט יום־טוב דאָס יידישע הויז.״

און שׂרה בת טובים וועט טאָן און הערן, —
פינקלען אין הימל וועלן גילדענע שטערן — — — —

# דער פּאַקנטרעגער

לכבוד אפרים אויערבאַכן

איך האָב געזען ביים האַריזאָנט
שווער־געלאַדענע קאַראַוואַנען ציען,
יענע קאַראַוואַנען האָבן דערמאָנט
אָן אַ מענטש, צעחלומטער אין בליען.

אין באַגינען פון זיינע יונגע טעג
צום יום־טוב פון וואָרט זיך געווידמעט;
דורך עלנט און פּיין אויפן חלום־וועג, —
איין טראָט האָט ער נישט געמינערט.

אויף זאַמדן פון מדבר געשפּאַנט,
געזאַנגען אין הארץ האָבן געברייט;
פון ליכטיקע האַריזאָנטן געאַנט, —
וואָגל און פרייד ט'געצייטיקט זיין ליד.

שפּאַנט דער פּאַקנטרעגער אויף וועגן,
יידישע עדהם בענטשן זיין קומען;
פון מרחקים ער ברענגט מעשיות וועגן
מענטשן אויף ימען, אַהער צוגעשוואומען.

איז געקומען דער פּאַקנטרעגער דאָ, —
מיטן יום־טוב פון וואָרט באַצוואונגען;
דערפרייט אין לויטערער שעה,
האָט דער בעל־חלום געזונגען.

פון קדמונים בענטשט מען די ירושה,
זינט דעם משכן געטאָן האָט מען פאַרהיטן
אוצרות דורך תפילה, געזאַנג און קדושה, —
וואַכט מען אין זאָרג, איבער גאָרטן צעבליטן.

צום יום-טוב פון וואָרט וואָרט איך בין געגאַנגען,
דער אַספאַלט האָט געשפּיגלט מיט פרילינג-רעגן,
געבענטשטע עדה׳ס האָבן פאַרנומען געזאַנגען,
וואָס בעל-חלום ט׳געקליבן אויף זוניקע וועגן.

# פייגל צעפּלאַטערן

פייגל צעפלאטערן געזאנגען,
וועקן דרימלענדיקן באגינען ;
טאָג איז היינט אויפגעגאנגען
אין פרילינגדיקן גרינען.

דורך צוויטן שמייכלען ביימער
צום ליכטיק געוועלבטן הימל — —
די השגחה פון געטלעכן שומר
פלעגט דאָס זומער-בלימל.

ביימען צעעפענען לעפצן
אונטער אקערערס האנט ;
נאָך טוי די זריעות לעכצן,
דער זייער שפאנט און שפאנט.

דורך טוי, דורך זון, דורך רעגן,
צייטיקן תבואות און זאנגען ;
א מידער וואָגלער אויף וועגן
צום פעלד איז צוגעגאנגען ;

מיט ברכות אויף זיינע ליפן,
רוט ער ביים ראנד פון פעלד ;
אין פריידן טוען זיך קניפּן
ליכט-זיילן אויף זוניקער ערד.

# נצח ישראל

טויבן פליען אונטער די זיבן הימלען,
צוואַנציק טויבן און מער —
פלאַטערן פליגל אונטער די זיבן הימלען,
פאַרהאַלטן ווינטן פון גרויל און שטער — — — —

— **נצח ישראל** — שאַלן בערג פון יהודה,
— **נצח ישראל** — רוישן זאַמדן פון מדבר ;
אויף אָדלער־פליגל זיך טראָגן מכבים,
גיבורים שמידן כוח פון דור צו דור.

אונטער די זיבן הימלען פליען טויבן,
צוואַנציק טויבן און מער —
אַנטקעגן דאָס אייביקע פאָלק אין גלויבן :
— — — — **„נצח ישראל לא ישקר"** — — — — —

# פאַרמעסט

אונטער לויטערע ישראל-הימלען
אָנגעטראָגן האָבן זיך שפּאַרבערס,
צעפּליקט שטילקייט און די רו —
ניט געכאַפּט יעקבס אייניקלעך דרימלען;

אָפּגעשלאָגן די שפּאַרבערס
האָבן יונגע ישראל-גיבורים,
אונטערן צייכן פון דודס שילדן,
אונטערן צייכן פון דודס פּאַנצערס.

בליצן האָבן צעפּאַסעוועט דעם חלל,
דונערן האָבן געגרימט אין צאָרן;
צעשטערט שונאס כלי-זין פון יאָרן,
אויף פליגלען געטראָגן ישראלס שלום.

# זיבן קרוינען

זיבן קרוינען
פֿאַר די זין פֿון ישׂראל ;
אונטער די זיבן הימלען
געטראָגן האָבן זיך חיילים
מיטן גייסט פֿון סיני-ליכט,
מיטן פֿייער פֿון די מכּבים,
מיט טרערן און געזאַנגען.
אַ מדבר-ליד
געטאָן האָבן די וואונדער-זין זינגען :
עס איז דאָ אַן אָטעם אין זייער ליד,
וואָס פֿאַר׳יום-טובֿ׳ט אַלע חושים —
מיט טרערן, מיט געזאַנגען.

# אין דיין זכות

היינט ביינאַכט
האָב איך געהערט דיך לערנען,
כ׳האָב געזען דיין זאָרג אויפן
גרויסן, ליכטיקן שטערן,
גערונצלט אין קנייטשן,
דורכגעפּערלט אויפן פּנים חצות־טרערן.

אויפן קאַנאַפּע —
מיין אויסדערוויילטער נאַכטלעגער ;
אין סאַליע, די ווענט מיט פּאָליצעס ספרים
איינגעגלידערט האָבן דיינע תפילות ;
דורך די נעכט געצערטלט
דיינע געזאַנגען צו מזרח.

טייערער פאָטער,
דורך די צוויי טויזנט יאָר
איינגעשפּונען איז דיין חלום —
דיין בענקשאַפט נאָך ירושלים ;
היינט האָבן זין פון יעקבס שטאַם
מיט זייער גבורה דערפרייט ירושלים.

דיין זכות זאָל מירביישטיין, —
וועל איך קומען צו דער כותל המערבי
אין דער רעכטער צייט :
קושן וועל איך יעדער שטיין,
אַרויסלייענען קוויטלען פון די שפּאַרעס —
געהאָלפן ווערן פון זייערע בקשות
דורך די לאַנגע וואונדער־יאָרן.

# ניינצן ווייסע טויבן

זיינען געפלויגן און געפלויגן
ניינצן ווייסע שלום-טויבן
אונטער שטראַליק-בלויע הימלען.
דער בורא-עולם אויסגעטאָן האָט די אָבל-קרוין
נאָך זיינע פאַרברענטע יידן-קהילות;
זיך געטרייסט, זיך געפרייט
מיט די טריט פון אתחלתא דגאולה.

אברהמס אייניקלעך, טרעגער פון הייליקער ירושה,
מאַרשירן היינט אונטערן פלאַטער פון פליגל,
אונטערן פלאַטער פון יידישער פאָן,
אונטערן פלאַטער פון שטערן און שטרייפן,
אויפן באָדן פון לינקאָלן און וויטמאַן;
מיט געזאַנג און טאַנץ טוט דער אייביקער ייד
אַריינחלומען אין **בית שלישי** — — —

# פון דער בינע

לכבוד גאָלדע מאיר

פון דער בינע האָט זי מיטגענומען
פולע הויפנס בליענדיקע בלומען;

אויף זיכערן באָדן איז זי געגאַנגען,
געקושט האָט זון אַ פעלד מיט רייפע זאַנגען.

איר אָדלער־בליק קוקט אַריבער אָפּגעלאָפענע יאָרן,
טוּאונגען אירע זעט זי ווי אין שפּיגל קלאָרן:

צום ברעג פון צוויי טויזנט־יאָריקן חלום צוגעשוואומען,
כוואַליעס געשלאָגן האָבן באָרטן אונטער פלאַמיקע זונען.

דער באָדן מדברדיק פאַרטריקנט איז געווען, —
עקשנותדיק אויפן שווערן וועג זיך דערזען.

צו מזרח אויסגעשטרעקט אירע וואַכע הענט,
מיט אַ תפילה צום בורא־עולם זיך געווענדט:

„מיין כוח שענק איך דאָס לאַנד פון מיין חלום,
כ׳וועל אָפּראַמען שטיינער, ריין מאַכן די לופט אין חלל;

„כ׳וועל אַקערן און זייען, פּלאַנצן בלומען און ביימער,
אויסהיטן פון געפאַר וועט דער אייביקער שומר — — —

אין חלום זע איך ווייסע עופות אויף פעלדער אָפן,
כ׳הער געקריי פון האָן, ער וועקט די וועלט פון שלאָף — — —

„אויף עראָפּלאַנען טראָג איך זיך אין ווייטע רוימען,
אין שליחות פון מיין לאַנד פיר איך שלום־זוימען.

„רעדן מיינע ברידער דורך אויגן — אָן ווערטער:
,דאָס איז אונדזער ביטער־גורל, דער באַשערטער׳ — — —

„כ׳זע שבטים הונגעריקע, אָן אלף־בית אין מויל,
אויפגעוויקלט זייער נאַקעט לעבן אין פולן גרויל — — —״

פון דער בינע האָט זי מיטגענומען
פולע הויפנס בליענדיקע בלומען;

אַ גאָלדענער פאַרנאַכט געטאָן האָט זיך צו איר נויגן
אין אַלע זיבן פאַרבן פונעם רעגנבויגן — — —

# אויפֿן שוועל

אויפֿן שוועל פֿון פֿינפֿטן צענדליק
גייען טעכטער איבער אַ גאָלדענעם בריק;
מיט ליבשאַפֿט און זאָרג זיי קוקן צוריק
אויף אָפּגעלאָפֿענע יאָרן פֿיר צענדליק.

אין אַ גורלדיקער צייט דער וואונדער איז געשען:
יעקבֿס טעכטער האָבן דורך נויט זיך דערקענט,
געפֿעסטיקט די בריק מיט שוועסטערלעכע הענט,
געוויקלט אין מוט איז דער בראשית געווען.

אויף יעדן אָנהייב לויערן וואַקלדיקע טריט;
מיט זריעה אין האַנט געגאַנגען זיינען פֿעסט
בעלי־חלומות צו בויען דאָס היימלאַנד־נעסט;
נאָכן פֿאַרזיי — געוואַכט איבער געטלעכן שניט — — — —

פֿיאָנערן־און־מועצת שפּאַנען אויפֿן געבענטשטן וועג,
אַנטקעגן פֿלאַטערן פֿאַרשריבענע קאַפּיטלען — ליכטיקע טעג.

# מיטנאַכט

עס איז איצט מיטנאַכט,
אין דער שעה פֿראַווען יידן חצות ;
מענטשן רוען, דער בורא־עולם וואַכט,
איך בין שיכור צערטלענדיק אַן אות.

אותיות טוט בן־אָדם שפּינען
פֿון חלל־און שטורעם־געמיט ;
דורך וואָרט קאָן מענטש זיך געפֿינען,
דורך קלאַנג פֿאַרנעמען געטלעכע טריט.

# נאַכט

דער הימל איז בלוי,
ס'דרימלט אַ וואָלקן
אין ליכטיקן גרוי.

אין זילבער די שטערן,
ווינקען זיך איבער
דורך גילדענע טרערן — — —

דער בורא ער זיפצט:
בן־אָדם פאַרשוועכט,
גיטער ער שטירצט!

אוצרות געשאַפן
זוכן ווער מענטש
אין פיינלעכן גאַפן — — —

# איסט בראָדוועי

היינט האָב איך איסט בראָדוועי דערזען,
אַ ליכטיק, אויפגעבליט אינדזל.
ווי אַמאָל, אַמאָל
אין די טעג ווען יונג —
פול מיט חלום דאָס לעבן איז געווען.
פון אַלע טיילן שטאָט
געצויגן האָבן אויף איסט בראָדוועי
אַרבעטער־שיכטן, סטודענטן, פּראָפעסיאָנאַלן;
געבראַכט האָבן זיי
חלום, גאונות און ברידערלעכע זאָרג.

בלעטער צעפלאַטערט האָבן געשיכטעס פון אימיגראַנטן,
דערציילט פון זייער וואָגלען אין לידער און ראָמאַנען.
מארבע פינות העולם זיינען יידן
צום פרייען ברעג צוגעשוואומען:
ווער מיט אַ יחוס־בריוו,
ווער פון אַ תפיסה־צעל אַנטרונען.
צוגעפאַלן צום דאַרן שטיקל ברויט
דורך שווערער מי, —
געבויט דאָס לאַנד, געבויט דאָס אייגן לעבן,
דאָ אויף נייעם באָדן.

סוועט־שעפּער האָבן אין לאַנד גענעסטיקט —
די פּראָלעטאַרישע קללה געלעכערט האָט לונגען פון בויער;
גאַנצע משפחות
צעשטאָכן האָבן זייערע יונגע טעג ביים געניי.

אין קעלער־שטובן און אויף בוידעמער
געקלאָרט האָבן מאָנונגען אין מוח פון די בויער,
און ווי אַ פרילינג־טייך געשטראָמט האָבן מחנות
איבער גאַסן, איבער עוועניוס,
מאָנענדיק: מער ליכט! מער ברויט!
אויף איסט בראָדוועי האָבן יונגע שאַפערס
ציגל געלייגט אויפן וואונדער־בנין:
„יידיש אַמעריקע"
אויפגעבליט האָבן הערלעכע לידער און ראָמאַנען:
„אין קעסל־גרוב"
„אונטערן בריק"
„קענטאָקי" און
אין געטריישאַפט געהיט „היימישע פלאַמען" — — —
געשמידט האָט מען ווייטער די גאָלדענע קייט
דאָ, אויף שטיינערנעם באָדן.

איצט שטייט איסט בראָדוועי ווי אַ צויבער־אינדזל,
בנינים טורעמען אין הימל.
ליכטער שימערן —
בלענדן מיט גאָלד פון שטערן;
איסט ריווער ריזלט אין וואַסערן די ליכטער,
וויקלען לאַנגע פינגער־שרויפן
און פלעכטן שטערן
מיט חלומות פון בויער און שאַפער — — —

## ווייסע מאַרבלטרעפּ

### א

ביי די טרעפּ פון ביבליאָטעק
שטייען צוויי לייבן אויף דער וואַך;
זייער מאַיעסטעטישע שיינקייט
געהילט אין שטילער פּראַכט.

אויף די טרעפּ פון ביבליאָטעק
ציען מענטשן־מחנות אין זאָרג,
ציען מענטשן־מחנות אין פרייד, —
שטראַלן אין וואונדער פון ניו־יאָרק.

### ב

תלמידים קומען מיט העפטן,
שראַנקען ביכער אויסגעשטעלט;
לערנט מען ווי פעלקער לעבן
אין דער גרויסער, ברייטער וועלט.

מען לערנט די סודות פון הימל,
דאָס שפּילן פון שטראַלן אין ים,
די שיינקייט פון גרינען איןביימער,
דאָס וואַקסן פון צווייגן, פון שטאַם.

ג

פון וואַסער געצויגן האָט זיך לעבן,
ליסטיקע שופן אין זון אָפּגעברענט;
אויף דער יבשה געשפּונען געוועבן,
הערלעכן שוואונג אין פליגל דערקענט.

בעלי־חי האָבן זיך געווידמעט, געמערט,
דער מענטש איז דער לעצטער געקומען;
גאָט׳ס ליכט האָט אין דמיון געבלענדט,
דורך אַנגסטן דעם וואונדער פאַרנומען — — — —

# אויף טויזנט שפּראַכן

אויף טויזנט שפּראַכן
זינגסטו איין ליד, —
אַמעריקע, דו יונגע;
זינגסט און זינגסט
און ווערסט ניט מיד.
וועגן דיין האַפּערדיקייט
דערציילט מען מעשיות, —
פון דיין פּיאָנערן־גייסט
און פון דיין מוט — — — —

וואַקסן פּאַלמעס דיינע מיידלעך,
וואַקסן יינגלעך פריילעכע,
דזשאזיקע, אָן זאָרג.

נאָר זאָל אַ רוצח
פאַרדרענגען די שטערן און שטרייפן
אין קניימשן, —
שטייען אויף מחנות
מיט פויסטן געביילטע,

זיי טראָגן זיך איבער ים און יבשה, —
פאַרהיטן די זוניקע ברעגן,
פאַרהיטן די זויבערע וואַסערן,
די בריקן, וואָס פאַרשוועסטערן,
באַרג מיט באַרג, שטאָט מיט שטאָט.

די הענט זיי שטרעקן
איבער גרעניצן, קאָנטינענטן,
שיקן די ברכה פון
וויטמאַן, לינקאָלן
און דעם יונגן דזשאָן.

# ברייענט פּאַרק

ברייענט פּאַרק איז צעזונגען
מיט בלומען־בייטן,
ביימער און פאָנטאַן,
זינגט דער פאָנטאַן
מיט זילבער־טרערן.

טויבן פלאַטערן אַרום פאָנטאַן;
זונשטראַלן צעפינקלען שטראָמען וואַסער,
פון קינדער־הענטלעך פּיקן טויבן זערנעס
און וואָרקען, וואָרקען, וואָרקען — — —

געדיכטע ביימער קרייזן ברייענט פּאַרק,
הילן איין שורות בענק,
וואו עלנטע מענטשן זיצן, —
געפינען אַ טרייסט אין פלאַטער פון פייגל;
געלעכטער פון קינדער אין זוניקן פּאַרק.

אויף אַ פליגל־שטול אונטער אַ קופּאָל,
זיצט דער זינגער פון „טאַנאַטאַפּסיס״;
יונגע פּאָרלעך זיצן ביי זיינע פיס, —
זיי חלומען פון ליבע, זיי חלומען פון לעבן.

ביים מאָנומענט פון וויליאַם קאלען ברייענט,
איז דער דיכטער, האַרט קרעין געזעסן,
אויסגעחלומט זיינע געזאַנגען:
זיין „ברוקלין ברידזש”,
ביז ער האָט דעם ים זיך אָפּגעגעבן, —
פלאַפלען כוואַליעס אין קאַריבייער ים,
פלאַפלען, פון יונגן דיכטערס לעבן
און סוד פון זיין טויט — — —

# אויף דער באַוערי

אויף דער באַוערי
איז אַ מענטש געזעסן,
עלנט אין פאַרטויבטן געהער,
הויט פון שיכרות צעפרעסן.

געקוקט האָט ער מיט פוסטן בליק
אין פנים פון אַ זומער־טאָג;
פאַרברענט שוין לאַנג זיין בריק
און שלוכצנדיק געטאָן אַ זאָג:

— מיינע פינגער שטייף ווי דראָט,
נישט צו קריגן אַ פלעשל סקאַטש;
קאַרג איז אי מענטש, אי גאָט,
צו דערלאַנגען דער וועלט אַ פּאַטש.

שטיל, ווי פון אַ ווייטער פּרעירי,
וויגט זיך שיכורלעך זיין ניגון:
— די מילכמויד פון יענער דעירי
האָט גענאַרט, געזאָגט האָט זי ליגן.

פּלאַפּלט ער פון זיין ליבע אין דרימל
און מורמלט דורך געשוואָלענע ליפּן:
— העי, גלעדי, כ׳זע דיך אין זוניקן הימל,
אָ! ווער קאָן מיין לעבן איצט פאַרקניפּן?

אויף „פלאַנדערס פעלד״ מיין חבר געלאָזן,
איך האָב אַ ווייסן צלמל אים געשטעלט ;
אויף „פלאַנדערס פעלד״ בליען שוין גראָזן,
איך זשליאָקע ברענדי, און ער איז אַ העלד — — —

אויף דער באָוערי
האָט זיך אַן אומעט פאַרצויגן,
געאָטעמט האָט איינער שיכורלעך שווער, —
און טאָג האָט צו מערב געטאָן זיך נויגן.

# מאָריס ראָזענפעלד

צום 100־יאָריקן געבוירנטאָג

דיין ליד — דיין וואָרט האָט זיך דערטראָגן
אין גרויען שטעטל און סוועט־שאָפּ פאַבריק;
דיין וואָרט האָט געמוטיקט, וואָרצלען געשלאָגן,
געפירט דעם בויער אויפן אייניקייט־בריק.

פייער־פאַסטקעס צעפּראַלט האָבן טירן,
אין היימען טוכלע האָט מען ליכט דערזען;
הערהאָלדן האָבן פאַרמעסטן געטאָן פירן, —
שווער דער קאַמף צווישן צוויי כחות געווען.

ווי דער אָדלער, מיט דיינע געזאַנגען,
איבער ים און דער יבשה געפאָרן;
אַנטקעגן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען:
דיין הערלעך ליד פאַרשפּונען אין כאָרן.

דורך שעפן כוח פון דיין ליד:
זינגט דאָס מידע מיידל אין פאַבריק;
„מיטן וואַנדער־שטאָק" — דעם יידנס ליד:
פלעמלען קינדערלעך מיט פייער אין בליק.

דיין ליד האָט געמוטיקט — וואָרצלען געשלאָגן,
געפירט דעם בויער אויפן יום־טוב פון וואָרט;
מיט פּאַטאָס דיין געזאַנג טוט זיך טראָגן — —
אויף אָדלער־פליגל, אַ ליכטיקער אַקאָרד.

## „ניט זוך מיך דאָרט"

איטע מערי — אַ זינגפויגל,
ביים שניידער־טיש געבויגן;
דורך יאָרן גענייט און גענייט.
טעג די יונגע זיינען פאַרפלויגן
און זי האָט גענייט און גענייט.

אין איר יונגן באַגינען,
מיט אַ חלום אין האַרצן,
צום פרייען ברעג צוגעשוואומען.
צווישן גערויש פון מאַשינען,
דאָס נייע לעבן באַנומען — — —

אין טונקעלן סוועט־שאַפּ,
צווישן אַרבעטער־ברידער,
קאַרג געווען אי ברויט, אי ליכט.
גאַזן געצערט האָבן מענטשן־גלידער,
געוועלקט האָט איטע מערים געזיכט.

זיינען אירע נאָענטע געוואָרן
דער שניידער־טיש, נאָדל־און־שער,
געצויגן האָבן זיך טעג ווי פון פעך,
אין געאייל געלאָפן זיינען יאָרן,
געשלונגען מיט רגעס פון שטעך — — — —

דורך אויגן פאַרמאַכטע הערט זי אַ קול,
בערעלע ציגיינער כישופט דורך וואָרט:
„ניט וועלק! אויפן יום־טוב פון לעבן קום!"
די חסידישע טאָכטער הערט רוף פון אַמאָל —
און זי ענטפערט אָפּ „ניט זוך מיך דאָרט" — — — —

שערן־שפּיזן האָבן דורכגעשטאָכן איר לעבן,
אָדערן האָבן דורכגעביטשט די הענט —
געצערטלט האָט זי קיינער אין לעבן,
אירע שניי־ווייסע אַקסלען ניט געקושט,
צאַנקט איטע מערי צווישן איינזאַמע ווענט.

# פרויען

איינע האָט ליב רובינען,
איינע האָט ליב סאַפּירן ;
איינע האָט ליב דאָס בלויען
אין הימל,
די זון ביים אויפגיין,
די שטראַלן
וואָס טרינקען אוים די מאָרגנטויען.

איינע האָט ליב רכילות טרייבן,
איינע האָט ליב בילבולים שרייבן ;
איינע האָט ליב פייגל געזאַנגען,
בינען —
זיי טראָגן ליבע פון בלום אויף בלום,
האָניק דורך בינשטאָקן גיסן —
דאָס גאַליקע אין לעבן פאַרזיסן.

# אַ מעשה

אַ ווייסער פלאַטערל
מיין ברעם האָט געגלעט ;
געשטאַנען בין איך
אין תפילהדיק געבעט

פאַרן בורא-עולם ;
זיין וואונדער-באַשאַף —
געשפּאַנט האָט אָדם
טראַף-נאָך-טראַף.

מיטן שוויים פון זיין שטערן
געליכטיקט גאָטס וועלט,
דורך תהומיקע וועגן, —
און טאָג האָט געהעלט.

געפונען האָט חוה
די זערנע אויף ברויט ;
די ערד אויפגעאַקערט,
אין פעלד עס פאַרזייט.

און אָדם ט'באַצוואונגען
דעם כוח פון דר'ערד,
געבויט און באַזונגען,
וואָס גאָט האָט באַשערט ;

פון בלינד-גרויען אייזן
אַן אַמבעס געמאַכט ;
איבער שוואונג פון האמער
גאָטס אויג האָט געוואַכט.

געצייגן געפורעמט
אין קוזניעס פון וועלט ;
געלייגט פונדאַמענטן
געצעלט-אויף-געצעלט.

אין מרחקים געלאָזן
באַרזשעס און שיפן,
איבער ימען צעגאָסן
אין ברייט, אין די טיפן.

אַ ווייסער פלאַטערל
מיין ברעם האָט געגלעט ;
געשטאַנען בין איך
אין תפילהדיק געבעט.

## אין דער אייביקייט

נייגיר און שרעק
האָבן חוהן און אָדמען
פון גן־עדן פאַרטריבן.
דורך פּיין און שרעק,
זיינען חוה מיט אָדמען
אין דער אייביקייט פאַרשריבן — — —

# חוה׳ס וויגליד

מיין טייערער זון קין׳דל,
האָב ליב די זון, די פלאַנצן ;
שפּיל ניט מיטן שפּיצן-שטיינדל —
אונטער דער זון פליטערלעך טאַנצן,
פליטערלעך טאַנצן.

מיין טייערער זון קין׳ידל,
האָב ליב די זילבער-טייכן,
פון שטיינדל-שפּיל, מיין קין׳דיל,
זאָלסטו תמיד ווייכן, —
תמיד ווייכן.

מיין טייערער זון קין׳דל,
האָט ליב צעגרינטע פעלדער ;
וויך פון שטיינדל-שפּיל, מיין קין׳דל,
האָרך שטילן סוד פון וועלדער,
סוד פון וועלדער.

מיין טייערער זון קין׳דל,
האָב ליב די געטלעכע רו ;
אָן שטיינדל-שפּיל, מיין קין׳דל,
וועט זינגען דיין מאַמע ליו-ליו,
וועט זינגען דיין מאַמע ליו-ליו.

# אפשר

אפשר האָט יענע טויב
אַ ביטערן בלאַט געפונען?
נח איז פון דער תיבה
צו פרי אַרויסגעקומען, —
צו פרי גענומען פלאַנצן
אויפן באָדן וואָס איז שלאַקס געוועזן.
טערפקע ביטערניש
געררייפט האָבן די טרויבן.
אפשר איז נחס שטאָם
ניכטער נישט געוואָרן
פון יענע טערפקע,
פון יענע ביטערע טרויבן?

# וואַנדערונגען

## א

די מוטער רבקה
האָט איר זון, איר באַליבטן,
מיטן פּאָטערס ברכות אין וועג אויסגעריכט.
מיט חלום אין הארצן
געגאַנגען איז יעקב אַנטקעגן שווערע טעג;
געוואַנדערט אין עלנט, געוואַנדערט אַ טריבער,
מדבר־זאַמדן באַשווערט האָבן זיין וועג.

## ב

אַ סך וואַנדערונגען
האָט יעקב געטאָן וואַנדערן,
אויף זיינע וועגן
באַפליגלט מיט חלום די וועלט.
אין אַלע גלותן
איז יעקבס שטאַם אויף שנאה אויסגעשטעלט — — · ·

אַ סך וואַנדערונגען
האָט יעקב געטאָן וואַנדערן,
אויף די וועגן ליכט געשפּרייט;
דורך דורות קרבנות געזייט
אונטער אַלע הימלען פון דער וועלט.

∴

ישמעאלים! עשום!
אומקומען וועט איר טויזנטפאַך,
אויב איר'ט אין הארצן נישט װאָרעמען
דאָס געבאָט: „לא תרצח"!

# דער טייך וואַכט אויף

**א**

דער זילבער־טייך אין פליסן —
אָפענער האַרץ צום הימל ;
פריפעט צעלאָזן אין ניסן
דערוואַכט פון ווינטער־דרימל.

קריעס ברעכן דורך וועגן,
כוואַליעס שלינגען קראַפּט ;
שטראָמען שלאָגן דורך ברעגן,
פישערמאַן קוקט און גאַפּט.

פעטראָ צלמט זיך איבער
פאַרן טייך דעם אויפגעוואַכטן ;
און וואונדער ער קוקט אַריבער
יענע גילדענע פאַרנאַכטן :

פעטראָ פאַרציט די זעגלען,
גיט זיך איבער נאַכט און שטערן ;
טראָגט זיך די שיף דורך ווינטן־רעגלען
צו פאַנגען וואָס גאָט וועט באַשערן.

שווימט דער פישערמאַן אַנטקעגן
דער לבנה — אַ קופּערנער דרייער ;
אויפן טייך — טונקל־שטאָלענע וועגן,
אין האַרץ ברייט שוואַרצער פייער.

די נעץ איז שווער, דער פאַנג איז גוט,
פעטראָ געניט איז אין זיין וואוט — — — —

אין רו בליט־אויף דער מאָרגנשטערן,
סאַמעט־גלאַט דער פּריפּעט־טייך;
דעם פישער געטאָן האָט באַשערן
פיש לרוב אין צאַפּלדיקן פרייך.

ב

ווינטן צעפּאַטלען בלויען באַגינען;
די באָבעביילע צום טייך קומט־אָן,
איר קלאָגן שפּאַלט דעם זינען:
— גאָט, זע וואָס רוצחים האָבן געטאָן!

קינדערלעך אין פּריפּעט דערטרונקען,
קינדערלעך וואָס איך האָב אָפּגענומען, —
לעצטע געשרייען „מאַמע" אין תהום פאַרזונקען:
שטיקער גוואַלדן איך האָב פאַרנומען — — —

— פיש גענערט אויף מענטשן־האָב,
שרצים און פישעלעך צעפּיקן
קינדער גופימלעך — דיין גאָב,
הויט און לייב זיי צעפּליקן!

— וואו איז דיין צוזאָג, ווי זאַמד און שטערן,
גאָט, דיין צוזאָג, „ווי זאַמד און ווי שטערן!"

דער גמרא־מלמד טוט רייסן קריעה,
ר' יעקב דוד גייט נאָך די קרבנות:
— פון מיינע גמרא־קעפּ אַ לעבעדיקע לויה, —
בורא־עולם, זיינען דאָס דיינע תקנות — — —!?

# אין חלום

צופוסנס פון פריפּעט כ׳בין געזעסן געבויגן,
געזוכט אין די וואַסערן, געזוכט מיט די אויגן

אַ צייכן פון לעבן, אַ צייכן פון נעכטן — —
געווען דאָ דער נאַצי, געטאָן האָט ער שעכטן,

יונגע און אַלטע, זייערע לעבנס אויסגעלאָשן,
גאַנצע משפחות, זייער בלוט אין טייכן צעגאָסן.

# כ״ז ניסן

די אומגעקומענע יידישע קינדער
געהייליקט

עס איז דער חודש ניסן,
שווימען צו מיר אַנטקעגן
וואַסערן, זיי טוען זיך גיסן
איבער שטעטלשע וועגן,

און שפּיגלען אַפּ זיבן הימלען.
ס'דערוואַכן ביימער, בלומען,
וועקן נעסטן אין זייער דרימלען ;
פון וואַרעם-לאַנד פייגל קומען ;

איבער זייערע פליגלען
פלאַטערן טונקעלע שלייערן ;
איבער טאָלן און היגלען
טראָגן זיך יידישע טרויערן — — — —

דער פריפּעט אָטעמט שווער,
וויגנדיק אויסגעלאָשענע קינדערלעך,
טויען פאַלן טרער נאָך טרער ;
אויפן גרונט בלאַנקען ביינדעלעך ;

זוכן קינדער : ציינדעלעך,
זייערע שמייכלען, חן-פינטעלעך,
צווישן זויבער-ווייסע ביינדעלעך, —
און טרויעריקע וואַלד-ווינטעלעך

— — — — וויינען, וויינען, וויינען

# מינסק

יזכור

מינסק, ווי דער אָדלער מיט פליגל צעשפּרייטע,
געוואַכט איבער שטעטלעך — זיין ליכטיקער פאַרמעג;
געכאָוועט דורך הערלעכע יאָרן און טעג
יידן, בתי־מדרשים, געדטנער פאַרזייטע.

האָבן יידן תורה געלערנט, געדינט גאָט,
געהאַנדלט, געוואַנדלט, וואַרשטאַטן געפירט;
שטובן געריייניקט, די מזרח־וואַנט געצירט,
דורך עבודה און שלוה געהיט גאָטס געבאָט.

געשוועבט האָט דער פויגל־קעניג דורך ליכטיקע ראַיאָנען,
געפרייט זיך מיט שוואַלבן אין זיכערע נעסטן.
איבער מענטשן־היימען, אין הימלישע פאַרמעסטן,
אָנגעטראָגן האָבן זיך שפּאַרבער־עשאַלאָנען — — — —

מינסק, — דער אָדלער מיטן פערלמוטער־שנאָבל געבויגן,
פליגל פאַרלייגט, מיט אייביקן צער אין די אויגן.

# נאַכט בײַם ים

שוואַרצע שלייערן הילן איין דעם ים,
ווילד ברויזנדיק שטורעמען די כוואַליעס;
לייבן־שוימיקע כוואַליעס שלאָגן די סקאַלעס,
פינצטערניש קלאַמערט האָריזאָנט אין צאַם.

ים, אין דיין האַרץ טראָגסטו טויזנט סודות,
פון קדמונים הויערט קריג אין דיינע תהומען;
דורך דיין אינגעווייד באַשעפענישן שטראָמען,
עס פעכטן דאָרט מילע־מיליאָסן עדהם.

פאַרקלעמט זיץ איך ביי דיין זייט,
איך הער אַ געבייזער אין דיינע טיפן;
וויי־וויי, ניט אָנגעקומען זיינען יענע שיפן,
פון דער נאָענט און פון דער ווייט!

פינצטער און לאַנג איז די נאַכט,
קולי־קולות דערטראָגן זיך אַהער, —
ווער קען אָפּווישן היינט מיין טרער,
ווען דער אשמדאי פון קרבן לאַכט?

אין קראַמפּן קאָרטשעט זיך די נאַכט,
די לבנה אויפגעגאַנגען איז היינט שפּעט;
צעשטורעמט האָבן כוואַליעס תהומיקן בעט,
לויערט דער קעניג פון די שדים און ער וואַכט:

איבער פאַרוואָגלטע יידן וואָס ציען אַהער
אויף שיפן זיך ראַטעווען פון ביטערן גזר, —
ווער קאָן טרייסטן זיי אין גרויליקן צער,
ווער וועט רופן די וועלט צום גרויסן פאַרהער?!

## דריי־גאָרנדיקער פאַנטאַן

כ'האָב געזען היינט
אַן אויסטערלישע שפּיל ;
אין שפּיל —
וואַסער־טראָפּנס געהילט אין ווייסן שוים.
דורך רערן טויזנט
אויסגעקוועלט האָט אימפּעט
גאָרן, איבער גאָרן, איבער גאָרן.

ערשטער גאָרן געקייטלט אין אַ קרייז,
צווייטער גאָרן געמישט אַ גן־עדן שוים,
דריטער גאָרן געהויבן געשטאַלטן צום הימל ;
געשטאַלטן געשטרעקט האָבן העלדזער הויך, הויך —
אויסגעכישופט פון די שוימען :
פּערל־טרערן בילע־בילע־ביליאָנען,
פּערל־טרערן פון יידישע קינדער אַ מיליאָן.

כישופט דריי גאָרנדיקער פאַנטאַן
„אַ שפּיל" —
צאַפּלענדיקע קינדער־פיס געטריבן אין קרעמאַטאָריע ;
פּערל־טרערן זוכן ציטער פון לעצטן זיפץ —
געכפּלט אויף בילע־בילע־ביליאָנען זיפצן.
רערן טויזנט אויסגעקוועלט האָבן
גאָרן, איבער גאָרן, איבער גאָרן, —
שיקן צום הימל יידישע קינדער־טרערן

— — — בילע־בילע־ביליאָנען — — —

# רעפלעקסן ביים האָדסאָן

פול ווי אַן אויג איז דער האָדסאָן
צעשפּילט אין זיין וואַסער־פּראַכט, —
ערגעץ שפּילט אַזוי שיין דער פּריפּעט
איצט אין גאָלדענעם פאַרנאַכט.

פון ברעג ביים טייך דעם ברייטן
כ׳זע: שיפלעך מיט קינדערלעך שווימען
צו באָדן זיך אין זילבערנעם פּריפּעט;
ס׳פאַרטויבן מיך זייערע פרײדיקע שטימען.

אויף הויקער־ביימעלעך אין גרינען
צעהענגען זיי העמדלעך אין שפּיצן;
צום טייך יאָגן שטיפעריש קינדער,
זיי צעפּערלען דעם טייך אין שפּריצן.

פרייט זיך גאָט מיט זיין עשירות:
דער טייך, די קינדער אין שטיפן,
די פעלדער צעבליטע אין תבואות,
דער הימל — פּערלמוטער געשליפן.

אין מיין פרייד צווישן ביידע טייכן,
אָנגעטראָגן האָבן זיך וואָלקנס גרויע;
אין טרערן געוויקלט קינדער־מחנות,
שוועבן זיי אונטער הימלען בלויע — — — —

פון מאַמעס שוים געריסן עופּהלעך אין זייגן,
קינדער פון חדר, פון בונקערס, פון הינטער ווענט;
אויף לאַסט-וועגענער געשליידערט גרויליקן יאָמער
האָבן נאַצי-דייטשן מיט רוצחישע הענט!

מאַמעס האָבן זיך אונטער רעדער געוואָרפן,
מאַמעס זיינען נאָך לאַסט-וועגענער געלאָפן;
נאַצי-מערדער האָבן מיט קאָלבעס געשלאָגן.
גאָט! פאַר וועמעס זינד אַזאַ מוראדיק שטראָפן?

יללות האָבן געשפּאָלטן די רוימען, —
דער הימל און די זון האָבן געשוויגן;
יינגלעך מיט שרעק אין די אויגן,
מיידלעך אין פּחד צעשריגן — — —

פון שול-הויף, פון מאַרק, איבער גאַסן,
צום פריפּעט געראָלט געלאָדענע קאַראַוואַנען,
דאָס שטעטל — אַ שלאַכטפעלד געוואָרן,
געשפּיִיט מיט פייער-בערג וואולקאַנען.

דער פריפּעט אין שטורעם צעשליידערט:
אויסגעלאָשן זיינען קינדער געוואָרן, —
אָנגעקוואָלן ווי דער בייכיקער לויתן
וויגנדיק קדושים-ביינער אין קלאָרן — — —

פון וואַסער-קברים זיך אויפגעהייבן,
שמערעלעך, בערעלעך, פריידעלעך — קליין;
באַפליגלט, באַהויכט אין דורותדיקן טרויער
לזכרון פון אונדזער דריטן חורבן-געוויין.

# אָוונט אין באַן

שטיל און היים אין אָוונטיקן באַן,
מענטשן פירן זאָרג און פרייד.
אַ פרוי מיט פאַרמאַכטע אויגן,
איר רעכטע האַנט צוקט.
אַ „ביטניק" אין זיין צעווילדעוועטן פריזור,
דורך שיכורלעכע אויגן ער קוקט
אין דער צעווילדעוועטער וועלט, אין זיינער.

אַ מאַן מיט אומעטיקע אויגן,
אַ פּאַק אויף זיינע מידע קני;
ער קניפּט אויף שפּאַגאַטן פון זיין ברוינעם פּאַק,
ער לייגט איבער סחורה און שעפּטשעט שטיל.
די ציפער אויף זיין לינקער האַנט איינגעביסן,
אין לאַגער טרעבלינקע, צי מאַידאַנעק,
די ציפער בריט דעם צעגליטן מוח — — —

שטיל און היים אין אָוונטיקן באַן,
די רעקלאַמעס אונטערן סופיט שמייכלען.
דער מאַן מיטן פּאַק אויף זיינע מידע קני,
די סחורה פון זיין אויפגעבונדענעם פּאַק
ער טאַשט איבער, ווי אין מיטן האַנדל — — —
זיין סחורה: קינדער-העמדעלעך, געפּאַלענער שניי
נאַז-טיכעלעך, קליידעלעך מיט קוויטן גרינע,
ער צערטלט קליידעלעך און רופט אַן נעמען צוויי:
„פאַר מיין טעכטערל פריידל און דער מיזינקע דינה" — — —

די רעדער פון באַן ראָלן איבער נאַכטיקע שינעס,
דער ריטם דערמאָנט דעם וועג מיט יידן קיין טרעבלינקע,
די רייזע, די לעצטע, מיט ווייב און טעכטערלעך צוויי.
ייד — פאָטער באַרויבטער פון זיין הייליקן געביין:
דאָס ווייב און טעכטערלעך אַוועק זיינען מיטן רויך —
טראָגן זיך אַש־שטויבן צו ווייטע ליכטיקע שטערן,
און דער מאַן בינדט, פאַרבינדט זיין אימהדיקן פאַק — — — —

# ביים ים

ביים ים צווישן צענדליקער מענטשן
האָב איך איינע מיט אַ שוואַרצן נומער
אויף איר קלאָר־ווייסער האַנט געזען;
איר יונג פּנים פאַרהוילן אין קומער,

נאָך טעג פאַרברענטע אין מאַידאַנעק.

טאָכטער יידישע, מיט צער אין מיין האַרץ
טראָג איך זיך אויך אויף יענער זייט צייט, —
איך בין אַן אָבל אָן אַ בית־עולם, אָן קברים;
פאָרן מיט יידן נאָענט, פאָרן מיט יידן ווייט —

נאָך טעג פאַרברענטע אין מאַידאַנעק.

זינט עשום אייניקלעך די וועלט האָבן געצונדן —
דורך די דורות דער פלאַקער ברענט, —
היטן יעקבס אייניקלעך ישראלס גרעניצן,
זיי ווישן אָפּ צאַמען און וואַרפן־איין ווענט — — —

נאָך טעג פאַרברענטע אין מאַידאַנעק.

איבער מדבריות געוואַנדערט האָבן יעקבס אייניקלעך,
וועלט אין אַלע תקופות געבריט האָבן זייערע טריט —
יעקבס שטאַם געשטאַרקט אויף זיינע וואַנדער־וועגן,
ניט אויסלעשן וועט עשום שנאה דעם אייביקן ייד,

נאָך טעג פאַרברענטע אין מאַידאַנעק.

# דער שליח האָט געוויינט

נחום כאַנינען

אויף יענער זייט ים איז אַ חורבן געווען,
אַ שליח איז געפאָרן, געוואָלט האָט ער זען:

טרייסטן די געראַטעוועטע פון פייער און פלאַם, —
אויף אַ שיף זיך געלאָזן, איבער אַטלאַנטישן ים.

די שיף האָט געשניטן כוואַליעס דורך שטורעם,
דער שליח, אין האַרץ, אַ טרייסט-וואָרט געפורעמט.

אויפן דריטן מעת-לעת איז די שיף אָנגעקומען,
יידן-אבלים האָבן דעם שליח אויפגענומען.

פון בוידעמער, פון וואַלד און פון גריבער,
האָבן קינדער געשטראָמט און פון חרובע שטיבער.

אָן טרערן האָבן קינדער געשוויגן, געשוויגן,
דורך פאַרגליווערט געוויין — צער האָט געשריגן.

אַ טרייסט-וואָרט געזוכט האָט פאַרשטומטער שליח,
גרויליקע שטילקייט האָט געשפּאָלטן דעם מוח — — —

טויזנט פּאָר אויגן האָבן די לופט דורכגעשטאָכן, —
דער שליח, אין אַ גרויס געוויין האָט אויסגעבראָכן.

און קינדער מיטן שליח האָבן געוויינט אויף אַ קול:
גאַנץ אייראָפּע געוואָרן איז אַ יאָמערטאָל — — —

# י י ד י ש

דאָס יידיש ליד האָט דאָך אַלע טעמ׳ען,
דאָס יידיש ליד זינגט מען אויף אַלע ימ׳ען.

בעקער זינגען און באַקן ברוינע זעמל,
רייזנדע זינגען ביים אָנלאָדן די קעמל ;

פישערלייט זינגען אויף ברייטע זילבערטייכן,
דער בעל־עגלה זינגט און די פערדלעך פרייכן ;

דער שניידער זינגט, ס׳העלפן אים די געזעלן,
די שניידעריכע זינגט — צעשמייכלען זיך די שוועלן.

אויף דער גרויער נאָרע אין סיביר דעם קאַלטן,
ביזן ליכטיקן ישראל, אין קיבוץ דעם אַלטן, —

זינגען בויער און קוויקן זיך מיטן יידיש ליד,
זינגען פלאַנצער און ווערן נישט מיד — — —

דער שמיד זינגט — צעשפּריצן זיך די פונקען ;
דאָס יידיש ליד האָט מען אין געטאָ אויך געזונגען.

דאָס יידיש ליד האָט דאָך אַלע טעמ׳ען,
דאָס יידיש ליד זינגט מען אויף אַלע ימ׳ען.

# לעגענדע סעקאָנד עוועניו

צייט האָט אויסגעטאָן די קרוין פון קאַפע ראָיאַל.
געבליט האָט יענער וועג אַמאָל ;
אויף יענעם וועג דער קעניג איז געגאַנגען,
דער קעניג פון יידישן טעאַטער.
אויפגעבליט האָט דער באָדן
מיט געזאַנגען פון שולמית,
יוסף מיט די ברידער און כישוף־מאַכערין.

כאַסיע די יתומה און מירעלע אפרת
באַקרוינט האָבן די בינע אויף יידיש עוועניו.
הערשעלע דובראָוונער זיין פידעלע האָט געקושט,
אוריאל מזיק געצונדן האָט פלאַמען אין הערשעלען,
ביז ער האָט אויפן פאַרבלוטיקטן טלית
זיין לעצטע תפילה אויסגעהייכט — — —
און דער וועג אויף סעקאָנד עוועניו
געלויכטן האָט מיט טרויער און געזאַנג.

דאָס פינטעלע ייד און ישראלס האָפנונג
געזונגען האָט דער פרינץ ;
ביז דער גרינער מיליאָנער
פאַרשמאַלציקט איז געוואָרן
אַרום בינקע־פינקע און סיידי פלאַם.

יאַנקל דער שמיד,
דורך אַ פולן מויל מיט צונג,
געזוכט האָט זיין ליבע־וואָרט
פאַר דער אָרעמער טאַמאַרע ;
האָבן מאַמעס געוויינט, געוויינט,
אויפן גורל פון זייערע טעכטער.

מרדכי מאַזע
געשליידערט האָט די שמאַטעס
אין פנים פון דער וואָכעדיקייט, —
געקלאָגט אויפן יום־טוב וואָס רינט אוים,
דאָ אויף נייעם באָדן — — —

שימעלע סאַראָקער
אָפּגעציילט האָט רענדלעך פון גרויסן געווינס ;
דער קרייד־צירקל איינגעגלידערט האָט
ספּעקטאַקל אין זיין ראָם, —
און עמך, שער־און־אייזן געוואָרן איז פאַרפּרעמדט — — —

∴

ליכטער אין זיבן פאַרבן
געשטראָמט האָבן אויף סעקאָנד עוועניו,
שוישפּילער — די קאַריפייען,
כ׳זע שפּאַנען צו דער קאַפּע ראַיאַל ;
דער קעניג אין אַ צילינדער־הוט,
דער פּרינץ מיט זיין סוויטע
זעצן זיך אוים
ביי ווייס־געדעקטע גן־עדן טישן
און יום־טובן אַרום יידישן טעאַטער,
און יום־טובן אַרום יידישן וואָרט — — —

כ׳וואַרף מיין בליק אַריבער יענע ווייטע טעג, —
אין דמיון בלעטערן זיך פריידיקע קאַפּיטלען:
אויפבלי פון יידישער ליטעראַטור,
דורשט אין פאָלק נאָך ליד און ראָמאַן;
יונגע שאַפערס ווי סאָסנעס און טאָפּאָלן
וואַשן איבער יעדעס ביינדעלע
פון ליד און פון דער דראַמע;
וויג איך זיך צווישן צוויי זיילן:
טעאַטער און ליטעראַטור.

∴

דורך פאַרמאַכטע אויגן
הער איך טריט פון נייער צייט,
וואָס וועט אויסשמידן
אַ קרוין אויף יידיש עוועניו,
און אויפריכטן דאָס פאַרהונגערט פאָלק,
און אָנטרינקען די יידישע יוגנט
מיט דער ברכה פון אייגענע קוואַלן — — — —

# דער מאַעסטראָ

לעאָ ליאָוון

געזעסן איז דער מאַעסטראָ אויף זיין שטול אַ מידער,
אין דמיון געבלעטערט פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן;
אויפגעטויכט האָבן הערלעכע קאַפּיטלען אין זכרון:
געשוועבט איבער לענדער און גרענעצן דורך לידער — — —

געבליט האָט אויפן לייבן־קאָפּ אַ צאַרט־ווייסער חלום:
„מיר טראָגן אַ געזאַנג" און „ניי־יאָר פון די ביימער", —
פאָלקס געזאַנגען פאַרשפּונען מיטן ליכטיקן וויאמר,
דורך הארץ פון מענטש געכישופט אייביקן שלום.

עס פלאַטערן סטייעס זינג־פייגל — די כאָרן,
איבער בערג און איבער ימים צוגעשוואומען,
יום־טובדיקע, מיט פולע הויפנס בלומען, —
זיי קומען אָן, די אַלטאָס, סאָפּראַנאָס און טענאָרן.

אַ צייכן מיט דער האַנט, לויכט אויף שטראַלנדיקע בינע,
כישופט דער מאַעסטראָ, און ס'קוואַלט לויטערע נגינה — — —

# דער ווייסער אָדלער

ה. לייוויקן

אַ ליד ווערט געבוירן
אין צער און אין פרייד;
אַ ליד ווערט געבוירן,
וואו דער זינגער גייט — — —

איז דער זינגער געגאַנגען,
פון אָרעם שטיבל אַרויס
און געטראָגן געזאַנגען
דער וועלט וואָס איז גרויס.

עלנט געזען, הונגער און נויט,
זיך געוויקלט אין ווינט און זון,
ווי דער אָדלער פליגל געשפּרייט —
געשוועבט צו אַ ליכטיקן טריבון.

איז דער אָדלער געפלויגן, געפלויגן,
פערמוטער שנאָבל ט'געשניטן די לופט,
קלאָר, מיטן בליק פון אָדלער-אויגן,
אויף בערג די זינגער ער רופט — — —

אין כאָרן זיינען זיי אָנגעקומען,
געפּורעמט האָט יעדער זיין קול;
דורך ליד פרייד און ליכט געשפּונען —
געזאַנגען געטראָגן אויף באַרג און טאָל.

און פייגל האָבן נעסטן געפונען,
געפלאָכטן פון צווייגן און בלאָט —
געלויכטן האָבן געטלעכע זונען,
איבער זייער חלום און טאָט — — —

דער אָדלער אין זיין הערלעכן פלי
אויפן וועג איז פאַרוואונדעט געוואָרן;
ניט געמינערט אין בליק איז זיין גלי, —
און שיינקייטן זיינען קלאָרער געוואָרן:

אין דמיון געשוועבט אויף באַרג־שפּיצן,
דער פלי געווען איז וואונדערלעך שיין;
געזאַנגען הערלעכע געטאָן פאַרקריצן,
טריב דעם זינגער צו פליען אַליין — — —

איצט שפּרייט זיך אַ ליכטיקער אָרעאָל
איבער זיין קאָפּ און הויכן שטערן;
די ווייסע טויב פאַרשטייט אָן אַ קול — — — —
דורך אַלע חושים טוט זי אים הערן.

און זי פלאַטערט זאָגנדיק שטיל:
— אין אונדזער פרייד און פּיין,
אין ליכטיקייט טו איך דיך הילן,
דיין רעכטער פליגל וועל איך זיין;

— זיך צוהערן צום שווייגן פון די בערג.
דעם באַשאַפער פון אַלע וועלטן פרעגן:
„גאָט, וואָס טוסטו מיט די אָפּגעשטעלטע ווערק,
וואו האָסטו זיי פאַרהוילן, אויף וועלכע וועגן?"

— וועל איך אויף יענע וועגן גיין און גיין,
איך וועל נישט ווערן מיד — —
קלייבן יעדן צייכן אויף גראָז און שטיין,
און אויפזינגען וועסטו דיין אייביק ליד.

יולי 14, 1962

# אין וועג

ווײַס איז דער שליטן,
נאָך ווײַסער דער פֿערד;
אַ מענטש אין דער מיטן,
אויף סיבירער ערד.

אַ ציי מיט די לייצעס,
די בייטש אין דער לופֿט;
אַ הייב מיט די לייצעס — —
האָבן זיך שטערן געשופּט.

אויף פֿריידיקער שעה
ער האָט זיך דערוואַרט;
ווײַסע זײַלן זיך ציִען
דורך טעג לאַנג געגאַרט.

טראָגט זיך דער אָגער
דעם שטורעם אַנטקעגן;
באַפֿרייט איז דער יאָגער — —
שנײַדט שליטן די וועגן.

ווײַס איז דער שליטן,
נאָך ווײַסער דער פֿערד;
אַ מענטש טרײַבט דעם שליטן
צו אַ פֿרײַער ערד — — —

# אין אַ פאַרנאַכט

דער פאַרנאַכט איז געווען אַ שטילער,
די זון האָט מיט גאָלד געטריפט;
אַ ווינטל האָט געיאָגט זיך אַ קילער,
מיט כוואַליעס פון טייך געשטיפט.

דריי פרויען זיינען אין אַ ווינקל געזעסן,
זיך געוויקלט אין אַ ליכטיקן אָרעאָל;
דערציילט האָט איינע אַ מעשה שהיה,
אַ וואונדער־מעשה פון אַ וויטן אַמאָל:

„איבער דער בריק איז ער געגאַנגען,
געטראָגן מתנות הערלעך און רייך;
מיט ציטער האָב איך אים עמפּפאַנגען —
דער עדות געווען איז איסט־ריווער טייך.

„דער הימל האָט זיך אין טייך געבאָדן,
דאָס בלויע אין זיינע אויגן האָט געבליט;
געבענטשט פון גאָט מיט טויזנט גענאָדן —
אָפּגעהילכט די פרייד האָבן אונדזערע טריט.“

דער פאַרנאַכט איז געווען אַ שטילער,
די זון האָט מיט גאָלד געטריפט;
אַ ווינטל האָט געיאָגט זיך אַ קילער,
מיט כוואַליעס פון טייך געשטיפט — — —

# סעזאָנען

אין דערוואַרטונג שטייעןביימער,
צווייגן וויגן זיך אין ווינט;
דערוואַכט אַ כוח אַ געהיימער —
פרילינג־פרייד זיך שפּינט.

דאָס פעלד איז אויפגעאַקערט,
ווייץ און קאָרן אויך פאַרזייט;
אויף רעגן בעט דער זייער,
דער שייער שטייט שוין גרייט.

אין זומער צייטיקן פּירות,
ביימער טרייסלען בלעטער אָפּ;
צווייגן — געצונדענע מנורות
לויכטן אויף גאָטס גאָב.

דורכן רוים פייגל פליען,
צייכענען אין חלל דעם וועג;
זון צו מערב טוט זיך נייגן,
שפּרייט אומעט סוף־זומער טעג.

האַרבסטיקע בערג — געגאָלטע קעפּ,
זאַטע ביימער פלאַמיק רויט;
צייט צערייבט האַרבסטיקע בלעטער,
הילט זיי איין אין סוד פון טויט.

ווינטער, געהויפטע שניי־בערג,
אין ליכטיקן בלענד די וועלט;
אויף שניי־בערג קינדער שטיפן,
אין געטלעכן זויבער צעהעלט.

## צאָרנט דער ווינט

— יעדער פון דיין באַשאַף
האָט זיין פּנים!
דער אָדלער, דער פויגל, דער אָקס,
די מערעשקע, דער וואָרעם, דער הונט,
און ניט איך, דער ווינט.

— איך, דער ווינט,
יאָג איבערן הימל וואָלקנס,
פאָנען איך צעפלאַטער
אין ריטמישן שוואונג;
קערנער איך טראָג פון באַרג אין טאָל,
ביימער־קרוינען איך צעשויבער
און טרינק־אָן שטאַמען מיט ציטער
ביז די וואָרצלען.
און איך, דער ווינט, האָב נישט קיין פּנים!

# עלנט

נישט ביי טישן געדעקטע
עסן בעטלער זייער מאָלצייט אָפּ, —
קייען זיי דעם ביסן מיט אומעט,
קוים וואָס זיי שלינגען אַראָפּ — — —

נישט צווישן חברשע בליקן
שפּאַנען זיי דורך דעם טאָג ;
קיינער וואַרט אויף זיי, און היט
זייער עלנטן גאַנג דורכן שטאָט.

## באַלאַדע פּעגי

די שלאַנקע קעלנערין פּעגי
צעטראָגט אירע טעג אויף אַ טאַץ;
פאַרטאָג שטייט זי אויף אַ מידע,
איילט אַוועק צום רעסטאָראַן־פּאַלאַץ.

צווישן מחנות איר טראָט ווערט פאַרוויקלט,
אין ריטם שטראָמען בויער פון דער שטאָט;
טראָגט פּעגי איר מי און איר שמייכל
אַנטקעגן טאָג־ליכט פון גאָטס גענאָד — — — —

אין רעסטאָראַן שטייען טישן געדעקטע,
קומען מענטשן מיט הונגער פון נאַכט, —
סערווירט פּעגי פּרוכטן, געבעקסן,
אונטער קאַווע־ריח האָבן חושים דערוואַכט.

פּעגיס גאַנג איז פלינק אין פרימאָרגן,
אויפן טאַץ זעט זי זילבער־פישעלעך צאַפּלען;
איר האַרץ איז יונג, יינגער נאָך איר חלום:
מיטן באַנק־ביכל, אַנגעפּילט אין שטאַפּלען,

קומען וועט זי אַהיים, קיין אירלאַנד,
חתונה האָבן מיט איר ליבן דזשאַנען.
ער שרייבט: „נאָך יעדן פיש־פאַנג
פירט מען אין מאַרק אַ זילבער־קאַראַוואַן.

„און דו, ביסט מיין גאָלדענע פישעלע,
אויגן דיינע בלויער פון טייך שאַנגנאַן;
אָנפילן וועל איך אַלע קערב מיט פיש, —
חתונה האָבן וועלן מיר באַלד, דיין דזשאַן.”

⁘

אין איר דמיון טויכט אויף אַ פאַרנאַכט:
די זון פאַרגייט אויף יענער זייט שאַנגנאַן,
דזשאַן טאַנצט דעם „דזשיג” אין טויזנט פראַכטן,
הילכיק שאַלן אויסגעשרייען: „דזשאַן, דזשאַן!”

דזשאַנס פלאַמיק־רויטער קאָפּ, זיינע גרינע אויגן,
טראָגט זי אין האַרץ, זי הערט זיין זים קול, —
אָט שטיפן דזשאַנעלעך מיט ליכטיק־גרינע אויגן,
זיי קריגן זיך ביים טייך, זיי פּלאַפּלען אינעם טאָל — — — —

⁘

עס איז נאַכט, איבערן הימל שווימט אַ היימישע לבנה,
אין צימער ברענגט זי פולע טאַשן זילבער־שטיק;
פאַר איר מי, פאַר אירע שמייכלען אַ פריינטלעכע מתנה, —
באָדט פעגי די פינגער אין איר פאַרלוירן גליק:

פאַרביי שווימען טעג — ווייסע זעגלען,
צעשטורעמט זיך אין האַרץ דער שאַנגנאַן־טייך;
דזשאַן האָט זיין שיף אויף יענעם טייך געזעגלט,
פאַרשלונגען האָט זיי דער שטורעם ביידן גלייך — — — —

⁘

די שלאַנקע קעלנערין פעגי
צעטראָגט אירע טעג אויף אַ טאַץ, —
פאַרשוואונדן ז'איר יוגנט, איר חלום,
אין גאַנג צום רעסטאָראַן־פּאַלאַץ — — — —

## דער בלינדער בעטלער

דער בלינדער בעטלער האָט געשמייכלט,
צו דיר,
צו מיר,
צו גאָט אין זיין היכל.
איך בין געבליבן שטיין,
געקליבן בלייערס פון זיין סחורה;
פאַרבייגעאיילט האָבן מענטשן
אין פּראָסטיקן בייטאָג;
מטבעות האָבן ווייניק אָפּגעקלונגען
אין בלעכענעם קווערטל.

און דער בלינדער בעטלער
האָט אונטערגעזונגען אַ לידל:
„אָ, לאָרד, אָ, לאָרד",
שמייכלענדיק
צו דיר,
צו מיר,
צו גאָט אין זיין היכל — — —

## ווי נאַכטפייגל

אָרעמע פרויען,
מיט באַרשטן, מיט שמאַטעס,
זיך יאָגן און יאָגן
איבער אָפּיסעס פאַרלאָזטע;
נאָך טאָג פון שטויביקן האַנדל,
זיי וואַשן און וואַשן — — —

אָרעמע פרויען
פאַרלאָזן היימען און מאַנען,
צעטראָגן זייערע נעכט איבער אָפּיסעס פאַרשטומטע;
שפּרייטן זיך שאָטנס איבער געפּוצטע שטולן און דעסקס.
אין באַגינען טראָגן זיך פרויען מידע
אַנטקעגן אַ פאַרשלאָפענער וועלט.
ערגעץ איילט דער וועכטער —
צו דערוועקן די פאַרשלאָפענע וועלט — — —

## דאָס ליד פון גלויבן

די זון האָט קאַרגלעך היינט געשיינט
אויף דער מחנה אין סעלמאַ-שטאָט ;
אויף דער וועלט דערוואַכט האָבן פריינט,
מרחם-זיין וועט זיך אויך גאָט — — —

זינגען באַוואָלטע דאָס ליד פון גלויבן
און מאַרשירן צום פרייהייט-טריבון ;
רעגן טוט אָפּוואַשן פּסולת און שטויבן,
אויפלויכטן, אין יושר, וועט אויך די זון.

# ניט דאָס איז מיין חלום געווען

ניט דאָס איז מיין חלום געווען, —
פלעשער, ציגל אין געשלידער ;
גאָט האָט אייער ווילדקייט געזען,
שטילער ! מיינע פאַרהונגערטע ברידער.

אָדם נאַקעט האָט לינקאָלנס לאַנד
זיך דערזען : אָן ליבשאַפט, אָן ברויט, —
מענטש, געפורעמט דורך גאָטס האַנט,
פאַרוואָרלאָזט אין גרויליקער נויט.

איך הער פעלדער רופן זיך איבער,
פלאַנטאַציעס דערציילן פון טרערן ;
ניט פאַרשעמען פאַרהונגערטן גיבור,
לויכטן אין פלאַטער וועלן די שטערן !

אַמעריקע וועט זיך אַליין באַנייען :
בלייבן שטיין פאַר טויזנטער גייען —
פון דורשט נאָך גאָלד זיך באַפרייען,
נביאָס ברכה שפּרייטן אויף די וועגן.

## דערוואַכט

דערוואַכט האָט דער גיבור פון דרימל,
אין גאַנג פלאָנטערט זיין ריזיקער טראָט;
דורך דורות אונטער גליאיקן הימל
— די עוולה ער וואַרפט אָפּ מיט שפּאָט.

ער וויל נישט קיין געטאָס, קיין צאַמען,
קיין באַזונדערע שול פאַר זיין קינד;
ער וויל טרינקען שיינקייטן אויף יבשה און ימען,
און די ברכות פון זון און פון ווינט.

דער ווינט טרייבט די וואָלקנס מיט שטורעם,
די זון נערט די תבואות אין פעלד;
דער בורא אין זיין געשטאַלט האָט געפורעמט
בן־אָדם און אים פאַר נסיון געשטעלט:

מיט רחמים זאָל האַנדלען דער וועכטער, —
דורך מעשים שטיין פאַר וועלט אַ גערעכטער.

# אַ בריוו פון מערידיט

טייערער פּאַטער לינקאָלן:
איך טראַכט אַ סך פון דיר,
פון דזשאָן בראַון,
פון זיינע זיבן זין;
אין קאַמף האָט ער זיי געפירט, —
דורך טייכן בלוט געשוואומען
און באַפרייט מיין עלטער-עלטער-זיידן
לעולם ועד — — —

אין הונגער נאָך ליכט
טראָג איך זיך דורך קאָרידאָרן
פון אָקספאָרד, מיסיסיפּי —
נאָר חוזק-געלעכטער, פּויסטן געביילטע
פּאַרטונקלען די זון — — —

דורך די טעג געהילט בין איך
אין וואונדער-שלייערן פון געזעץ,
באַוואַכט פון ליכטיקע מאַרשאַלן, —
גלעט דער ווינט די פאָן
פון רויט, ווייס און בלוי.

דורך די נעכט ליג איך וואַך
אין צימער אויף מיין בעט —
שווימען — ציינער, שטשירענדיקע ציינער
בייסן שטערן דורך די נעכט —
וויינט מיין האַרץ:
אַ פאָלק סאָלדאַטן שטייען אויף דער וואַך,
היטן שטשירענדיקע ציין זאָלן נישט צעבייסן
דעם הימל, די שטערן און די זון — — —

# לילאַ, נעגער־סטודענטקע

זומער־זון פלאַקערט מיט שפּיזן־שטראַלן,
מידע מענטשן דרימלען איין.
חלומט איינע פון אַ קאַטן־פּלאַנטאַציע,
זי הערט אַ מיידעלע אין קינדיש געבעט :
„מעמי, מעמי, —
נעם מיך מיט דיר, קלייבן דאָס ווייסע גאָלד.“

לויפט איבערן פעלד אַ טשאָקאָלאַד־מייעדלע,
איר קאָפּ אַ קינקי־באַרשט ;
הענטלעך שפּרינגען איבער צווייגן,
וואַרפן ווייסע באָלן אין טאָרבעלע אַריין.

דער ווינט גלעט צווייגן,
וויגן זיך ווייסע באָלן אין בלענד ;
זינגט דאָס מיידעלע פון „מאָזעס“
זינגט דאָס מיידעלע פון „לינקאָלן“.

∴

צעגיסט זיך אַ זיסער שמייכל
איבער לילאַס קופּער־צעגליטן פּנים,
ווייסע ציינער בלאַנקען
אין דער ברענענדיקער זון — — — —

אימיצער שרייט אויס :
„ניגער ! ניגער ! אַרויס פון קלאַס !“
פאַלט דאָס פאַרשריבן העפטל
פון לילאַס איינגעדרימלט האַנט אַרויס :
צעקרימט זיך אַ שמייכל
איבער צוויי רייען פּערלדיקע ציין,
אונטער גאָטס הימל, אונטער גאָטס זון — — — —

# בעלאַ׳ס חלום

פּאַרנאַכט גייען אַהיים טונקלהויטיקע דינסטן,
ווי די וואָגשאָלן, וויגן זיך אַרויף־אַראָפּ ;
הענט ברענען פון דער אַרבעט ווי קראָפּ
און טראָגן זייערע אָרעמע פּאַרדינסטן.

בעלאַ, איינע פון דער אָרעמער בריגאַדע,
צעטראָגט איבער פרעמדע שטובן יונגע טעג,
און צאַמט אירע חלומות אויפן שווערן וועג — — — —
אַלטע קליידער, דער ווירטינס אַ נאַגראַדע ;

שלייערט זיך אין אַטלעס און אין זייד בעלאַ,
דורך די נעכט „טאַנצט" זי אויף בעלער —
אין חלום איז דאָס לעבן ליכטיק־העלער,
גאַפט דורך גרויסע טרויבן־אויגן בעלאַ.

צעטראָגט בעלאַ אירע יונגע טעג אָן מיין, אָן זין, —
אַהיים שפּאַנט זי מיטן ריח פון זייף און קריסטאַלין.

## פרינצעסין פון האַרלעם

פרינצעסין פון האַרלעם,
אויגן וואַכע — שוואַרצער פלאַם ;
פריזור אין הויכן טורעם,
רייפע גלידער — צעברויזטער ים.

פלינק אירע הירשן-פיס,
דער טראַט געניט אין גאַס, —
אָנהייב — פון שלאַנג דער ביס,
צום אַלפאָנזאָ ברענט איר האַס — — — —

שפּאַנט זי אין לעבן פון הונגער,
שפּאַנט זי אַנטקעגן הפקר-גרויל,
וואו תאווה ברענט — רויטער צונטער,
איר שמייכל — דורך סמיקן מויל — — — —

# בלעטער

בלעטער ציען חיות
דורך אָדערן פון דר׳ערד ;
וואָרצלען זייגן
און טרינקען אָן די שטאַמען,
צווייגן נערן צוויטן ;
פלאַטערן בלעטער אין ווינט,
באָדן זיך אין מאָרגן־טוי,
לאַכן מיט גאָלד פון זון
און שווייגן מיט הימלישן־בלוי.

אָפגעהוליעט מיט פרילינג־ווינטן,
געזעטיקט מיט זומער־זון.
הארב און גרויליק איז דער הארבסט :
צעוואָלגערט בלעטער אויף די וועגן,
צייט צעמאָלט זיי אויף קופּער־שטויב.
ווינטער וואַרעמט דאָס שטויב אונטער שנייען,
חלומען פעלדער אויף צייטיקן טאָרף — — —

# זיבן ביימער

כ׳האָב פאַרפלאַנצט זיבן ביימער
בליען אויף זיי שלום־פרוכט, —
היטן טוט דער גוטער שומר
אין תפילה, אין ערפורכט:

דאָס פעלד און דעם פלאַנצער,
די שלום־פירות און די וועלט;
ווערן זאָל דאָס לעבן גאַנצער —
אין שלווה תמיד זיין צעהעלט.

# קראָטאָנאַ פּאַרק אין פרילינג

עס שמעקט דער פּאַרק מיט פרילינג,
עס שמעקט מיט פרישן גראָז,
דאָ יאָגט אַ קלוגער וועווריק,
דערשראָקן גאַפּט אַ האָז.

מאַמעס מיט קינדערלעך קומען,
געלעכטער לויכט אויף ווי די זון;
קינדערלעך צופּן די גראָזן,
איינער יאָגט זיך נאָך זיין באַלון.

דאָס אינדיאַנער טייכל שפּיגלט
דעם הימל מיט דער גאָלדענער זון;
אַ ווינטל צעציטערט דאָס וואַסער,
זוכן זיך שטראַלן אַרום — — —

ביימער אין הונדערטער מינים, —
איך וויים ניט דעם יחוס פון זיי;
איך קאָן זייער שפּראַך ניט ריידן,
איך קאָן אויך ניט בליען ווי זיי — — —

שפּאַן איך איבער געשלענגלטע וועגן,
עס כישופט געלעכטער און שפּיל:
קינדער דערפרייען טאָג ביז די ברעגן,
שעפּטשען בלעטער אַ תפילה שטיל — — —

# די גאַזעל

פאַר בערטאַ זינגערמאַן

איבער דער בינע טראָגט זיך ליל,
גראַציעז און שלאַנק ווי אַ גאַזעל;
אויגן קלאָר, און וואַך איז ליל
צו שטערן ליכטיקע און העל.

ליל האָט באַלאַדן געלייענט —
אויסגעפּערלט אַ הערלעך געשאַנק;
אין שיינקייטן זיבן-מאָל-געשלייערט;
אויסגעכּישופט אַ געטלעך געזאַנג.

## לייענענדיק ראָזאַ גוטמאַנס לידער

צאַרט דאָס פּנים,
וואַרעם איר קול, —
אַזאַ לויטערע שטילקייט
דורך באַרג און דורך טאָל.

געטאָקט דאָס וואָרט,
געמאָסטן דער גאַנג —
פון דער טיפעניש קוואַלט
עכט, עכטער געזאַנג — — —

## צו דער וועלט

צו דער וועלט רעדט זי
דורך אירע „שווייגנדיקע טירן“,
איר וואָרט — דורכזיכטיק ווי מאָרגנטוי.
ליכטיק איר קול —
לויטערט אַ ניגון:
ווען זי לייענט איר ליד,
ווען דו לייענסט איר ליד.
ווען איך לייען איר ליד.

צו דער וועלט רעדט זי
דורך אירע „שווייגנדיקע טירן“.
איר געזאַנג
וויקלט זיך אַרויס פון נעפּל,
פירט צו תפילה:
ווען זי לייענט איר ליד,
ווען דו לייענסט איר ליד,
ווען איך לייען איר ליד.

# דער קנויל פון טעג

דער קנויל פון טעג
האָט מיך פאַרוויקלט
אויף מיין באַשערטן וועג.

קוק איך צוריק:
היינט, ווי אַמאָל,
ניט זיכער איז מיין בריק.

אין צעקריגטער וועלט
— מיין טראָט איז שווער
ישמעאלם שנאה קוועלט.

צעוויקל איך מיין קנויל,
— מנוחה איך זוך
און הער קנאַליקן גרויל.

זינט קין און הבל
זידט בלינדע ערד
אין בלוט און שוועבל.

בני־אדם זיינען שונאים
— אין שטראָף פונעם בורא
ניט מקבל־געווען קינם מתנה.

# לײדיק איז דער אַלמער

לײדיק איז דער אַלמער, —
אין דרוק „דער פֿערטער ניגון"
פֿינגער צערטלען אותיות,
געזאַנגען אין חלל זיך װיגן.

נאָגט אין האַרץ אַ חלום,
װינט, ער שטאַרקט די פֿליגל;
טראָגן זיך פֿײגל אין חלל
דורך רוים און װאַסער־שפּיגל.

סטײעס װײַסע פֿײגל
זײַנען אין דרום געפֿלױגן;
צו דער װײַסקײט, צו די פֿײגל
מײַן האַרץ האָט זיך געצױגן — — —

דער נעכטן ערשט פֿאַרפֿלױגן
דורך טעג עוליקע, שװערע, —
אונטערן יאָך געבױגן
אַ קול אין טרײסט כ'טו הערן:

„שפּאַן אַריבער די נעכטיקע יאָכן"
— דער הײַנט איז אױך ניט גרינגער;
ניט פֿאַרביטן כ'װאָלט מײַנע טעג־און־װאָכן,
װי מײַנע צעװײטיקטע צען פֿינגער — — —

דורך וואַלד און איבער ימים
אַ חלום אין הארצן געטראָגן, —
וויוגעס דורך וואַלד און שטורעם
האָבן צו מיר זיך דערטראָגן — — —

נאָך שלאַקסן און וויוגעס,
געזאַנגען אין חלל זיך וויגן;
פינגער צערטלען אותיות, —
אין דרוק דער „פערטער ניגון”.

# אַ ציגעלע אויף באַרג

טאָג וויקלט מיך איין אין זאָרג,
שווער מיין טראָט איז און מיד;
מיין טאָג — אַ ציגעלע אויף באַרג,
וואָס איך פיר פון גרויסן יאַריד.

אויפן יאַריד איך האָב געבראַכט,
אַן אָפּן האַרץ, וואַכע אויגן צוויי;
פון האַנדל־וואַנדל קיינמאָל געדאַכט,
געווייכט איך האָב פון פּלאָנטער־געשריי.

דער יאַריד רודערט אין טומל,
הענדלער־טענדלער שמייען;
שווייגער קומט אַן צום רומל,
ווערט פאַרדולט אין זייער שרייען.

גיי איך נאָך דעם שווייגערס טריט,
פרעג אים נישט קיין וואָרט, —
זיין שטילקייט לויטערט מיין געמיט:
אַ ליכטיקייט אין מיר קלאָרט — — — —

אין מערב־זייט די זון נידערט,
גיסט אוים דאָס האַרץ ביים ראַנד;
קאָסמישע כוחות פאַרגלידערט —
אַנטקעגן לויכט געטלעכע האַנט.

לבנה שווימט אין שלייערן פאַרהוילן,
דער הימל בליט אויף מיט שטערן;
וויים פון זאָרג, פון טאָגיקע גרוילן,
דורך נאַכט טו איך וואונדער הערן — — — —

# שטום צווישן אייגענע

א.

איינזאַם, אין עלנט
זיינען מיינע טעג געווען;
אין טומל פון גרויס-שטאָט
האָב איך נאָענטע אָן מאַמע-לשון דערזען.
שטום צווישן אייגענע
אַפּגעלאָפן זיינען מיינע טעג;
צער האָט געוויקט מיך אין טרערן,
געטרייסט האָט דאָס יידישע וואָרט, —
דורך די נעכט געצערטלט מיין ליד,
געוואָרעמט דאָס האַרץ אין שטילקייט,
דערפרייט דורך פינקל פון שטערן — — —

ב.

שטיל איז דער טאָג
היינט אויפגעגאַנגען;
ווי פאַרחלומטע הירשן
האָבן געהויערט אויף מיין שוועל.
דורך פאַרמאַכטע אויגן
אָפּגעדעקט פון זיך די נאַכט,
דערוויטערט
געלעגער דעם האַרטן,
די זאָרג מיט אַלע עולן פון נעכטן.

ג

כ׳האָב מיין טיר היינט
פאַררייגלט
אויפן זיבעטן ריגל —
פון אייגענע און פריינט.
שוועסטער און ברודער
לאָכן אוים מיין וועג ;
פאַרהויל איך מיין האַרץ
אין וואָרט, אין ליד, —
אָפּשווימען פון מיין הימל
זאָלן די וואָלקנס,
ליכטיקער זאָלן ווערן מיינע טעג, —
אַרום דיר,
אַרום וואָרט,
אַרום מיין ליד — — — —

# אויף אַ קונסט־אויסשטעלונג

אויפן יום-טוב פון פאַרבן
האָב איך דעם גרייז געזען;
דאָס פנים געדונצלט אין קאַרבן,
די אויגן אין פיבער געווען.

ווענט באַהאַנגען מיט זיינע געמעלן:
שטראָמען שוימיקע וואַסער-פאַלן,
יעגער דורך פערל-ציין קוועלן,
וואַלד דורכגעשטאָכן פון זון-שטראַלן.

צווישן פרימיטיוון, ביי פרעמדע שוועלן,
האָט דער מייסטער גבורה געזען;
זייערע טענץ און קינדישער קוועלן —
תענוג פאַר זיין קינסטלער-האַרץ געווען.

די זון — אַ פּאַליטרע אויף זיין האַנט,
מישט ער זיבן פאַרבן אין געזאַנג — — — —
פון יונגע טעג, דער גרייז, ער אַנט
איצט, אויפן שוועל ביים זון-פאַרגאַנג.

אויפן יום-טוב פון פאַרבן
איז דער מייסטער געגאַנגען;
פאַרהוילן דעם סוד פון שטאַרבן
אין זיינע לויטערע געזאַנגען — — —

## שפּילצייג

גלעט לאה מיט גרויסע טרויבן-אויגן
פּענגווינס, פּאַוועס און די באַנען;
טעג די וואַרעמע זיינען פאַרפלויגן
ווייט, ווייט, אַזוי ווייט פון דאַנען — — —

פון טראָפּישע פייגל און טאַראַקאַנען
דערציילט לאה די קינדער אין שפּיל,
פון הויכע טערקן אין רויטע טורבאַנען,
וואָס שפּאַנען אין מדבר, מורמלענדיק שטיל.

קרייעט לאה ווי אַ האָן פאַרטאָג
און וועקט די וועלט פון שלאָף, —
צעשטיפטע קינדער טוען אַ זאָג:
— לאה, קוואָקע ווי די ראַבע עוף,

— פלאַטער ווי דער אָדלער מיט פליגל!
פּאַטשט לאה מיט הענט ווי אַ דראַגאָן,
שפּרינגען זיי אַלע אַריבער דעם היגל,
קלינגען ווי באַנען „גלין-גלאָן, גלין-גלאָן."

קעמלען ציען אין געלאָדענע קאַראַוואַנען,
ס'אָטעמט דער מדבר שווער און היים;
גייערס זינגען — „דאָן די די דאַן," —
בעטן אויף רעגנס תפילהדיק היים — — —

בערעלעך, שווערלעכע ברוינע,
קוקן איבער בערגלעך אַריבער;
וועווריקלעך, פלינקע און ברוינע,
שפּרינגען איבער אָפענע גריבער.

דער בופאַן טראָגט אַ מיצן־היטל,
קלינגען גלעקלעך „דזשינגל־דזשינגל."
דער קלאַון אין זיין ווייסן קיטל, —
דערפרייט אַ ווײנענדיקן יינגל.

פרעדי טאַנצט אַריין אויפן שפּילצייג־יאַריד,
מיט ליבשאַפט ער קושט דעם שלאַנקן זשיראַף;
שטיפעריש גלעט ער אַ פויגל אין ליד, —
פרייט זיך דער בורא, מיט זיין גאַנצן באַשאַף.

# מעוועס

ווי עגונות טראָגן זיך מעוועס
נאָך פראַכט־געלאָדענע באַרזשעס ;

מיט גרויע פליגל צענומען,
פליען זיי אין שווייגן באַנומען.

אין עלנט זיי יאָגן נאָך שיפן,
כאַפּן פרייד פון ימיקע טיפן — — —

א ברעקל, א זערנע — זיך קוויקן,
הונגער און וויימיק דערשטיקן — — —

שפילט דער ים אין רחבות צעגאָסן ;
פון קדמונים זיינען וועלן געפלאָסן

צו ברעגן, וואָס ליגן פאַרטראַכטע, —
דערפרייען דורשטיקע זעמדער פאַרשמאַכטע.

ווייסע שוימען אין שלייערן צעפאַלן,
פערל־שפריצן אין ציטער צעפאַלן.

שוועבן מעוועס אין טשאַטעס צעפלויגן,
איבער צעשפּילטן ים — דער רעגנבויגן.

# בינען

איבער פעלדער צעבליטע
האָבן בינען געיובלט,
פון בלומען־בעכער
זאַפּטן געצויגן ;
גילדענע רוקנס
אין שטראַלן געוויקלט.
טעג אין זוניקע
געפלויגן, געפלויגן.
דורך זאַנגען, דורך קוויטן,
אויף פעלדער צעבליטע
זיינען בינען געפלויגן.

# שלווה

מיד פון שטאָטישן טומל, פון עול,
כ'בין אַוועק אויף אַ זוניקן פעלד,
דערפרייט פון פּאַסטאַכס צעזונגען קול;
רופנדיק שעפעלעך — האַרץ זיינס קוועלט.

דער פּאַסטאַך אויף זיין פייפל שפּילט
אַ לויב צום באַשאַף פון דער וועלט;
אין טרייסט מיין האַרץ איינגעהילט,
ליכטיקער האָט טאָג היינט געהעלט — — — —

צעשאָטן איבער טאָלן און בערג
צופן גרעזער די שעפעלעך קליין, —
ציטערט פּאַסטאַך איבער גאָטס ווערק:
אין שפּילן ווערט ער דער ניגון אַליין.

לאַנקעס צעגרינטע קוועלן צום הימל,
געקרייזלטע שעפּסעלעך שטויסן זיך מילד;
שפּילט דער פּאַסטאַך ווי אין דרימל, —
אין שלווה די וועלט איינגעהילט.

# אין דער „זו"

שפּאַן איך אין פייגל-הויז פון דער „זו".
אויף אַ בערגל כ׳זע די אָדלער-פּראַכט :
פעדערן געאײידלט, אַרום אים עס וואַכט —
נאָך זײַן הערלעכן פלי, אויסטערלישע רו.

טויבן קרײַזן אַרום אָדלער אין אַ קראַנץ,
פון זײַערע אויגן פינקלט אייביקער שלום.
שפּערלעך וויקלען שײַנקייטן ווי אין חלום,
די קוקאַווקע היפּערט אַ שפּרינגען-טאַנץ.

שפּרייט די סאָווע פינצטערניש אין מיטן טאָג,
ירושה-פיבער באַשווערט איר אייגענעם געמיט ;
דער בורא-עולם, האָט איר ניט באַשערט מאָס-און-וואָג,
פּלאָנטערט די סאָווע אין יענעמס אויסגעחלומטע טריט.

אירע שוואַרצע פליגל צעגעמט די פּלעדערמויז ;
נאָר ליכט טוט אַרויסשטראַלן פון נחת הויז — — —

## שוואַנען

שוואַנען ווייסע
זיינען איבערן בלויען טייך געשוואומען,
ווי אין אַ מעשה
האָבן עלנטע מענטשן פרייד פאַרנומען
פון שוואַנען ווייסע,
וואָס זיינען צום עלנט־לאַנד דערשוואומען — — — —

דורך די טעג
זיינען אין טייכן בלויע הימלען געשוואומען;
אַ ליכטיקן וועג
האָט זון דורך אירע שטראַלן געשפונען.
אויף אַ גילדענעם ברעג
איז אַ פאַרהוילענער מענטש אַרויסגעקומען.

פאַרהוילענער מענטש,
מיר בעטן: וויקל זיך אַרויס, ווייז אַ צייכן,
מיר וואַרטן, דו מענטש,
אַנטפּלעק דאָס סודותדיקע פון פנים דיין בלייכן,
מיר בעטן, דו מענטש,
וויקל אויף דאָס פאַרהוילענע, ווייז אַ צייכן — — — —

דורך די נעכט
שווימען אין טייכן אין שוואַרצע זילבערנע שטערן.
אין שטילן געפּעכט
בריען מענטשן אין פרייד, אין צער הייסע טרערן.
גאָטס קנעכט
טוען תפילה, בעטן: „גאָט דיין גענאַד זאָל געווערן.“

# אין שטאָטישן פּאַרק

צוויי טויבן בלאָנדזשען באַזונדער,
זוכן אַ זערנע הונגער צו שטילן;
איך קוק זיי נאָך אין וואונדער,
אין נייגיר זייער ברוגז דערפילן.

אויף רויטע פיסלעך זיי דיבען,
קוים זיי רירן אָן דאָס גראָז;
ווינט טראָגט אָן קערלעך דריבנע,
„קריגן" זיך טויבן דורך שנאָבל־נאָז.

מענטשן, אין זייער עלנט באַזונדער,
שפּאַנען דורך צעגרינטן פּאַרק;
רעקלאַמעס שמייכלען אין וואונדער,
באַלויכטן האַנדל־וואַנדל מאַרק — — — —

מעטראָפּאָליע פאַרהוילט אין עיגול
יאָגנדיקן פיבער אין מדבר־שטאָט, —
בלאָנדזשענישן פון מענטש, פון געפליגל,
זיי פאַרשיכורן אין עלנט, ווי לוט — — — —

## אין פּאָוס קאַטעדזש

שטיל איז אין חדר,
ליידיק דיין שטול ;
ווינקלען אין חדר
מיט דיין גייסט ז׳פול.

איבערן טיש געבויגן,
געפּערלט דאָס וואָרט — — —
דיין ליד דאָ געשפּונען,
דורך חלום געקלאָרט.

ביים שרייב-טיש דער ראַב
שוואַרצט : „נעווער מאָר” !
אויף דאָס ניי געבוירן
דיין ליד אין יעדן דור.

דער קאַטעדזש אין זויבער
בלענד-ווייסע די ווענט ;
אין שאַפע דיינע ביכער,
דער קאַמין אויסגעברענט.

אין שווייגן באַנומען,
כ׳הער גלאָקן געקלאַנג,
אָפּגעשאָטן מיט שטערן
דיין געטלעך געזאַנג — — —

## ווי זאָל איך היינט

ווי זאָל איך היינט
אָנהייבן מיין טאָג?
אין קראַמפּן אַ פּריינט —
ניט געשווינט האָט זי גאָט;

ציטערט איר האַנט,
דאָס פּנים איז געל;
אויפן וועג געשפּאַנט
איבער אונדזער יוגנט-שוועל.

ווי קאָן איך היינט
אָנהייבן מיין טאָג?
אין צער מיין פריינט —
ניט געשווינט האָט זי גאָט.

איך זוך אַ טרייסט —
אין צערטלען אַ שורה,
דורך מיין אלף-בית
די לויטערע בשורה — — — —

דאָס וואָרט דאָס באַשערטע —
מיין אייביקער פריינט;
דורך צער באַשווערט
מיין תפילה איז היינט.

## צו דער אַרבעט

### א

אויף אַלע שרויפן
האָט זיך דער וועקזייגער צעקריגט, —
און די פאַרטאָגיקע שטילקייט צעוויגט.
אין יאָך האָב איך אין שאַפּ אַוועקגעאיילט,
שלאָף געפּלאָנטערט האָט מיינע דרימלענדיקע טריט,
נאָר אויף די ליפן אַ חלום האָט געבליט — — — —

### ב

אין שאַפּ רודערן מאַשינען
אַ גיהנומדיק געיעג,
מענטשן־קעפּ געבויגן
דורך לאַנגע אַרבעטס־טעג.
שנייד־מאַשינען בלאַנקע
איבער זייד און וואָל, —
צווישן טומל און גערודער
כ'הער נישט דאָס מענטשן־קול!
אָפּגעיאָגט סעזאָנען
אינעם מענטשן־וואַלד;
אויפן „פּיקעט־ליין" צעטראָגן
יונגע חלום־טעג — — — —

ג

אין די טעג,
ווען איך בין געווען
דין, בויגעוודיק און יונג ;
דאָס לעבן
לויטער איז געווען.
אין יענע טעג,
האָב איך מיינע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר
צופוסנס פונעם האָדסאָן אַנפאַרטרויט, —
אַ צווייגל אָפּגעריסן פונעם בוים,
אין תפילה־געבעט : אַ גאָט, פאַרהיט,
דאָס צווייגל פון בוים זאָל נישט וועלקן
אונטער גרויליקן יאָך און נויט — — — —

# הונגער

## א

יעדער מענטשנקינד פיבערט ביים „שניידן" ציין,
פלעק־טיפוס און מאַזלען,
מאַמעס טרערן לינדערן יסורים.
אַנדערש איז דער פיבער,
ווען אייגענע געדערים
דורך הונגער ווערן שונאים.
דורשטיקע אויגן קוקן צו דער זון,
וואָס שיינט אין לאַנגע זומער־טעג העלער;
גערייצטער ווערט געמיט, —
פונעם גאָלדענעם „לאַבן ברויט" אין הימל,
וואָס וויל זיך נישט צעפּענעצן — — — —

## ב

אין די טעג, —
ווען הונגער האָט געוויזן
גלאַנציק־ווייסע ציין,
און דער מאַן מיט דער קאַסע
געטאָן האָט שמייכלען — — — —

אין יענע טעג, —
געשטאַנען בין איך
אַ יונגע, אַ שלאַנקע.
דאָס מויל —
צוויי רייען בלאַנקענדיקע ציין,
מיטן כוח —
אויסצורייסן אַ ציגל פון אַ וואָלקנקראַצער,
און צעמאָלן אין אינגעווייד דעם הונגער־קנויל,
וואָס האָט געברענט מיין פיבערדיקן מוח — — — —

# אַמאָל אין מאַי

אַמאָל אין מאַי, איז יום־טוב געווען:
געפּייערט האָט מען טאָג פון שאַפן,
אָרקעסטערס געשפּילט האָבן מאַרשן,
מענטשן זיינען געשטאַנען אין גאַפן,

קוקנדיק אויף שורות מאַרשירער;
אין טאַקט האָבן זיי געשפּאַנט —
טראָגנדיק אַנטקעגן דער וועלט
אַ טאָג — פון יאָך אויסגעשפּאַנט.

מיטן יינגסטן באַגינען האָבן יונג און אַלט,
זיך געפּעדערט אין זייער שענסטן טראַכט —
מיט שטראַליקע אויגן צום טריבון אָנגעקומען,
„היימאַרקעט"־פליגל איבער זיי האָבן געוואַכט.

אַמאָל אין מאַי, איז יום־טוב געווען:
פאַרברידערט זיינען בויער געגאַנגען, —
פּייערן אויסגעחלומטן טאָג, אַ באַנייטן,
אונטער שאַלן פון מוזיק און געזאַנגען.

# ביים שרייבטיש

ראָוז פעסאטאן

די אַרבעט נאָך שווערן טאָג געלאָזן
הינטער מיינע מידע גלידער;
זיך אַרויסגעוויקלט פון האַרמידער —
צום יום־טוב פון וואָרט זיך געלאָזן.

פון אוצרות די שאַפער און בויער
געשטראָמט האָבן אין הערלעכן ריטם;
שוועבנדיק כ׳בין געווען אין זייער מיטן,
אָנגעקומען צו אַ ברוינעם ציגל־מויער.

פון אַלע שיכטן האָבן שאַפער אַהין געצויגן;
דאָס ציגיינער־מיידל, מיט פלאַמיק־שוואַרצע אויגן,
אויפגעלויכטן האָט אין זאַל מיט איר קומען;
אויף זייבער־לאַנגן טיש האָבן ווייסע בויגנס
געפלאַטערט: ביימאַגיקע חלומות זייער אייגנס —
אין תפילהדיקע אָוונטן האָבן טעכטער געזאַנגען פאַרנומען.

# מיין ביבליאָטעק

אויפגעפּראַלטע טירן פון רייכן שייער,
באַד איך מיינע פינגער אין עשירות ;
ניט ווי „סאַילעס מאַרנער" אין מטבעות,
יעדער בלאַט פון אַ בוך איז מיר טייער.

דורך די יאָרן געהיט ליכטיקע קידוש־לבנות,
אין פרייד, אין פיין אויסגעחלומטע געזאַנגען —
פון אייערע פעלדער פולע, רייפע זאַנגען,
געזעטיקט מיין הונגער האָבן אייערע מתנות.

געשפּאַנט מיט אייך איבער בערג און טאָלן,
געשוואומען אויף ימען צו ווייטע ברעגן —
אין אייערע ווערק געזוכט ליכטיקע וועגן,
וואָס איר האָט אין זוניקע טעג געמאָלן — — —

## לידער כ׳האָב אייך געקליבן

לידער כ׳האָב אייך געקליבן
אויף די וועגן אין מיין גאַנג;
יונג-פרייד כ׳האָב פֿאַרשריבן
און פייגל אין זייער געזאַנג.

ווינטן וויגן די צווייגן,
שטאַמען זיי ציען קראַפֿט;
וואָרצלען אין זייער שווייגן —
טרינקען פון אָדערן זאַפֿט.

פרילינג קושט דיביימער,
פלאַצן-אויף קנאָספן-בליט;
וואַרעמט כוח געהיימער
שלווהדיקן סעדער-צוויט.

זומער-בלעטער אין פלאַפל
וויגן זיך אונטערן הימל העל;
פייגל שטאַפל אויף שטאַפל
בויען זייערע נעסטן-געצעלט.

אייבסן לכבוד בן-אָדם —
רויטלען זיך עפל אין זון;
קומען צעשטיפטע ילדים,
קרייזט אַ גאָלד׳נער באַלון.

צעהוליעטע חברה שטיפער
צעוויגן ביימער, דעם סאָד;
אין הימל אייביקער שיפער —
לויכט-אויף געטלעכער גענאָד.

# מיין פרייד

מיט וועמען קאָן איך מיין פרייד היינט טיילן,
פאַר וועמען זאָל איך פון מיין גליק דערציילן?

זינט איך געדענק בין איך גליקלעך געוועזן:
געדרייט מיטן בלייער, געקריצט מיט דער פען.

געוויינט האָט מיין חברטע ווען די זון איז פאַרשוואונדן,
און איך, האָב פון יידישע ווערטער קרענצלעך געבונדן — — —

געשריבן פון לאַנדרינקעס, גוט אַזוי צום גומען,
זיינען גילדענע פישעלעך צום ברעג צוגעשוואומען.

אויף פּראַקאַט איין-און-דרייסיקלעך געדונגען,
האָבן הונגעריקע שעה'ען צו מיר געזונגען — — —

„די בלינדע יתומה", אירע טויזנט פאַרדראָסן,
האָבן אין טייכן מיינע טרערן פאַרגאָסן — — —

„דאָס מעסערל" געבלאַנקט האָט ביי לבנה-שיין,
געפּיבערט כ'האָב מיטן „גנב" אין זיין פּיין.

ברייט ווי דער ים, אויף וואַסערן צעשוואומען,
געשטאַלטן פון ביכער צו מיר זיינען געקומען:

אליהו הנביא, דער בעל-שם מיין חלום האָבן געשפּונען,
טרייסט פון שרה בת טובים איך האָב פאַרנומען.

פעללע דער זיגער, דער באַפרייטער זשין וואַל זשין,
הירש לעקערט: די וועלט זיי רופן צום יום-הדין.

# פ ש ט ו ת

## א

הונדערט מאָל
דיך, מיין ליד, פאַרשריבן,
טויזנט מאָל
דיך אויסגעמעקט;
געזוכט באַשייד,
פון אימפּעט געטריבן, —
אָפּשטעלן זיך
האָט כּוח ניט געקלעקט — — — —

## ב

בורא, איך בעט מיין ליד זאָל זיין
קלאָר, אָפן ווי דער טייך צום הימל;
מיט דער לויטערקייט פון אַלטן וויין,
זיך אויפבינדן ווי בעל־חלום פון דרימל.

## ג

ביכער, ספרים ליגן נאָך אָפן —
פון יעדן לויכט צו מיר אַ שטראַל;
אויב כ׳האָב אַ מיין ניט פאַרשטאַנען,
פאַל איך צו מיט דורשט צום קוואַל:

דער הונגער זאָל מיך ניט פאַרלאָזן
ביז ס׳וועט לינדערן מיין צער, —
צו די הימלען טו איך בעטן:
אייביקער דורשט זאָל זיין מיין שכר — — — —

# רעגן

ווינט און בלום און זון
אין מײַן ליד פאַרשפּונען;
קושן פון רעגן-שטראָמען
פרילינג-ערד האָט פאַרנומען.

אָטעם פון גאָטס ערד
וואַרעמט זריעות פאַרזייטע;
רחבות-טויען פון הימל
צערטלען פלאַנצן דערפרייטע.

פעלדער גייען-אויף מעוברת,
צייטיקן ווייצן און קאָרן —
זעט פאַר מענטש און חיה,
גערטנער שפּילט אויפן האָרן.

קושן פון רעגן-שטראָמען
טרינקען-אָן פעלדער אין גרינען;
פלאַצן-אויף צוויטן און זאָמען —
האָניק-פרייד צעפלאַטערן בינען.

ווינט צעטרייבט די וואָלקנס,
זון לויכט-אויף אין שטראַלן;
אויפן הימל זילבער-סנאָפּעס
אין ליכט-זײַלן צעפּראַלן — — — —

## טאָג קומט אָן

טאָג קומט-אָן צורייטן
אויף געפליגלטן פעגאז ;
צעעפענען בלומען ליפּן,
טוי טרינקט אוים דער שטראַל.

צעבליטע שטייעןביימער,
אין זון באָדן זיך צווייגן ;
דערפרייט שטייט דער שומר,
דער הימל בלויט אין שווייגן.

צעוויגן ווינטן זאַנגען,
פעלדער שמייכלען מיט זעט ;
בן-אָדם טראָגט געזאַנגען
אין גלויבן, אין געבעט ;

געוויקלטער אין סודות
שלענגלט זיך דער וועג,
דורך פריידיקע עבודות,
פולע, רייפע טעג — — —

איילן בויער און יאָגן
אין זיכער-ריטמישן גאַנג ;
גאָלד איבער וועגן צעשאָטן —
רחבות פון געטלעכער האַנט.

# אויפֿן זילבערנעם טייך

זיבן געגנדז זיינען איבערן טייך געשוואומען,
זילבער־רינגען דער טייך האָט פֿאַרנומען;

האָבן רינגען זיך געפֿלאָכטן אין וואַסער־רינגען,
צעהוידעט דעם טייך האָבן רינגען אין רינגען.

זון האָט איר פּנים אין זילבער־טייך געבאָדן,
האָבן שטראַלן גינגאָלד איבערן טייך צעשאָטן.

געגנדז האָבן שנאָבלען אין וואַסער געטונקען,
צו דער שיינקייט פֿון טייך האָט מענטש געזונגען.

קאָן מענטש ניט שווימען ווי געגנדז אויפֿן טייך, —
גייט ער אויף וועגן געשלענגלט און גלייך,

איבער פֿעלדער צעגרינטע, וועלדער מיט סוד,
זוכט מענטש די שיינקייט — דעם וועג צו גאָט.

# און ער האָט געזונגען

איך ווייס נישט מיט וועלכע געצייגן
דער בורא געבויט האָט די וועלט — —
דער הימל בלויט אין זיין שווייגן,
די זון אין איר לויכטן קוועלט.

סעזאָנען זיינען צעסדרט, צעבליט,
די השגחה היט סוד פון באַשאַף;
מענטשן אין יום־טובדיקע טריט,
בעל־חלום גייט נאָך טראַף־נאָך־טראַף.

אויפן פנים פון מאַנהעטן איך שפּאַן,
דער ריטם ווי אין אַ הערלעכער שפּיל;
שטראָמען מענטשן — צעכוואַליעטער אָקעאַן —
יעדער טראָגט זיין פרייד, זיין זאָרג שטיל.

איך ווייס נישט, מיט וואָס פאַר אַ כוח
דער בויער די וועלט האָט באַצוואונגען;
אַ ליכט האָט געקוואַלט פון זיין מוח — —
און ער האָט ביי זיין טואונג געזונגען.